Sharkanski, A.
Hofni un Pinhas, oder,
Degel nahaneh Yehudah:
melorama in fir akten.
Varsha, 1907.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1873.9

**Sharkanski, A.**
Hofni un Pinhas, oder, Degel nahaneh Yehudah: melorama in fir akten
Varsha: Druk. N. Starovolski, 1907.
48 p.: 22 cm.
Yudishe teater-bibliyothek ; no. 12

1. Yiddish drama.—lcsh
I. Poland- Warsaw.

ID: NXYH01-B12998 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106051c

Reduction ratio X 10.0.



פֿון

א. שארקאנסק

# חָפְנִי און פִּנְחָס

אָדער

## דֶגֶל מַחֲנֵה יְהוּדָה

מעלאָדראַמאַ אין 4 אַקטען.



פרייז 25 קאפ.

ווארשא, ירס״ח.
דרוק. נ. סטאַראָוואָלסקי, וואַרשא, גענשע 18.

יודישע
טעאַטער-ביבליאָטהעק
№. 12.

Хофни и Пинхосъ
мелодрама въ 4-хъ дѣйствіяхъ.

Тип. Н. Старовольскаго, Варшава, Гусья № 18.
1907.



# חָפְנִי און פִּנְחָס

אָדער

## דֶגֶל מַחֲנֶה יְהוּדָה

מעלאָדראַמאַ אין 4 אקטען.



פֿון

**א. שארקאנסקי**



יודישע

טעאטער-ביבליאטהעק

№. 12.



פֿארלאג פ. קאנטאראוויטש
ווארשע מאריאַנסקא 2.

# די פערזאנען:

| | |
|---|---|
| אנטאן ווידעמאר: | א געטויפטער יוד. |
| טעאפיליע: | זיין פרוי. |
| העלענא: | אנטאנ'ס טאכטער פון ערשטע פרוי. |
| יעקב עדעלמאן: | א רייכער יוד. |
| גבריאל: | זיין זוהן. |
| לייטענאנט זאקס: | |
| חפני: | פון די כלי קדש. |
| פנחס: | |
| יעקעלע: | גבריאל'ס זוהן. |
| אסיפ: | קערקערמייסטער. |
| יאשקע יאשקעוויץ: | ווידעמאר'ס דינער. |

בירגערמייסטער, פריסטאוו, פרעזידענט, יודען, סאלדאטען.

די ערשטע 3 אקטען קומען פאר אין עסטרייך,

דער 4=טער אקט אין ארץ=ישראל.

DRUK. SIKORA i MYLNER WARSZAWA, NOWOLIPKI 6.

## ערשטער אקט.

(א עלעגאנטער זאל ביי ווידעמאר).

**כאר:** די הייליגע קירכע די פרעכטיגע,
און וואס אין איהר אלעס מעכטיגע,
קומט אייך צו דאנקען פאר אייער געשאנק.
עס קומט אייך די עהרע געבענשט זאלט איהר זיין,
לעבען זאלט איהר פיעלע יאהרען
ווינשען מיר אייך פאר דעם געשאנק

**ווידעמאר:** יא, מיין געשאנק איז נאך צו ווענינ.

**כאר:** יא, צו וועניג!

**ווידעמאר:** זייט מיר אלע אונטערטהעניג

**כאר:** יא, אונטערטהעניג

**ווידעמאר:** פאר דער סומע געהערט קיין דאנק
יא איך געבע מיט פריידע מיין געשאנק
זעגנעט מיך יעצט אלע און איך פערנעהם די ברכה פון אייך.

**כאר:** גאט זאל דיין בעשיצער זיין, דער ערלעזער שיטצע איהם, אמין!

**ווידעמאר:** איך דאנקע אייך מיינע ברידער פאר דעם הייליגען זעגען וואס איהר האט מיר געבראכט, אבער ערלויבט מיר אייך צו בעמערקען דאס פאר דיזע סומע וועלכע איך האב יעצט פאר אונזער הייליגע קירכע געגעבען האב איך פערדינט קיין דאנק, דאס האב איך נאר מיין פפליכט אלס קריסט געטהון; יעצט געהט און בעט גאט פאר אונז!

**כאר:** די הייליגע קירכע א. ז. ו.

(אלע זינגענדיג אב אויפטריט יאשקע מיט א געלעכטער)

**יאשקע:** חא, חא, חא, אקריינק זאל שוין אין איהם אריין האפען, און טאקע קיין אנדערען ווי נאר מיין ווירטה אליין!.. אי, איז דאס א הונד!.. אי, איז דאס א פאלשע זאך!.. ער וויל ניט אנדערש, אז מיר קריסטען זאלען איהם האלטען פאר א גוטען ברודער און פאר א ארענטליכען קריסט, א נישט דערלעבען זאל ער דאס!..

40,000 גולדען האָט ער יעצט געגעבען איין געשענק אויף אַ קירכע, אַלע די פרומע ברידער לויבען איהם, אָבער איך האָב איהם פײַנט, און האָב פײַנט זײַנע מתנות. אָ, ער קומט!

(אויפטריט זיידעמאַר).

**זיידעמאר:** נאָ יאַשקע, וואָס הערט זיך?

**יאשקע:** איך בין געוועזען בײַם יודען, ער וועט באַלד קומען און אַלע געסט: דער לויטענאַנט, דער בורגמײַסטער, הער פרידריך, וועלען זיך גלײַך בעגעבען צו אײַך און פּאַלאַטץ, ווען יעדער האָט מיר פערשפּראָכען צו קומען צו תנאים, האָב איך געזעהן אַז ער טוהט עס מיט דעם גרעסטען פערגעניגען!

**זיידעמאר:** נו גוט געה, איך ברויך דיך מעהר ניט (יאַשקע אָב).

**זיידעמאר:** יאָ, יאָ! די לעצטע טהאַט מײַנע האָט מיר ווי איך זעה פיעל פּרײַנדשאַפט געגעבען, דער הער זאַקס שעהמט זיך פון יעצט זיכער ניט, דאָס ער וועט זײַן דער שוויגער-זאָהן פון אַ געוועזענעם יודען, און בעטראַכט מיך געוויס אַלס קריסט, און אין מײַן העלענע – אײַנע גלענצענדע פּאַרטיע, נאָר דאָס אײנציגע איז וואָס זי אַליין איז נאָך אַלץ האַרטנעקיג און וויל ניט פערגעסען, דאָס איהר מוטער איז געוועזען אַ יודיש קינד. דאָ קומט מײַנע ליעבע פרוי!

(אויפטריט טעאָפּיליע)

**זיידעמאר:** נון, ליעבע טעאָפּיליע! וואָס דענקסטו פון דעם אָבענד? ענדליך האָבען מיר עס ערלעבט, באַלד פערזאַמלען זיך די געסט, באַלד וועל איך דער שוויגער-פאָטער פון איין אַריסטאָ-קראַטישען אָפיציער ווערדען!

**טעאפיליע:** אַנטאָן, איך ציטער פאַר דיזען אָבענד, דו ווײַסט ניט ווי מיר שרעקט מײַן הערץ; ליבער זאָלען מיר גאָר הײַטע פון דער פערלאָבונג ניכט רעדען, מיר מוזען עס פערשיבען.

**זיידעמאר:** וואָס? נאָכדעם ווי איך האָב די געלעגענהײַט אין די קריסטליכע אַריסטאָקראַטיע אויפגענומען צו ווערדען, וועט זי מיר אין וועג שטעהן, אָ ניין! זאַגע איך – דיזע נאַכט וויל איך איהר פערלאָבט זעהען!

**טעאפיליע:** אָבער מײַן ליעבער מאַן, ווי וועט זײַן ווען אין דער געגענוואַרט פון אַלע געסט וועט זי אַרויס מיט איהר שפּראַכע. דאַן איזט דאָך אַלעס פערלאָרען!

**זיידעמאר:** זײַ אונבעזאָרגט, געה און שיק זי מיר זאָפאָרט,

**טעאפיליע:** נאָר ניט מיט בײַזען, רעד צו איהר צערטליך גיב איהר צו פערשטעהן דאָס גליק וואָס ערוואַרטעט זי. פּילײַכט ווירד זי דיך גוטמוטהיג פאָלגען. (אָב)



**זיידעמאר:** (אַליין) זי וויל ניט? זי שטעהט מיר אין וועג? מיט 20 יאָהר צוריק ווען איהר מוטער איז געוועזען האַרטנעקיג און האָט ניט געוואָלט מיט מיר צו זאַמען זיך טויפען, דאַמאָלס האָב איך איהר מיט מײַנע אייגענע הענד ערמאָרדעט! אָה... זי וועט שוין!.. זי מוז פאָלגען! וואָס? זי זוימט זיך, זי קומט נאָך ניט? זי לאָזט זיך שטאַרק בעטען, ווען דער פאָטער וויל איהר זעהן? אָה די אונגע-האָרכזאַמע!.. (רופט) העלענאַ! העלענאַ! (אויפטריט העלענאַ)

**העלענא:** וואָס ווילסטו פאָטער?

**זיידעמאר:** וואָס דער פאָטער וויל?.. נאָ פערשטעהט זיך, דער פאָטער וויל אַלעמאָל דאָס זײַן קינד זאָל גליקליך זײַן, און דער-פאַר דאַרף דאָס קינד גוט און געהאָרזאַם זײַן, אַ פאָטער ניט צו האָרכען איז די גרעסטע זינד!

**העלענא:** זעהר אָפט פאַסירט דאָס מען קען גאָט אַליין אויך ניט געהאָרכען, נאָ קען דאָך אויך דיזער פאַל זײַן, דאָס מען זאָל אײנעם פאָטער ניכט קענען געהאָרכען.

**זיידעמאר:** וואָס מײנסטו דאָמיט? אָה איך ווײס, דאָס זענען פאָרוואַרפע!.. ווילסטו מיך ווידער ערינערן דאָס איך געטויפט בין? ניין! איך האָב קײן חרטה ניט! איך בין פיעל מעהר שטאָלץ דאָמיט.

**העלענע:** אונד פון וואַנען ווײסטו אַז עס געפינען זיך ניט אַזעלכע קריסטען וועלכע רופען זיך נאָך הײַטע אויך יודען?

**זיידעמאר:** זעהסטו דאָס גיעב איך דיר צו. אונד דאָס אַליין איז דער בעסטער בעווײַז אַז עס איז אַגרויסער אונגליק ווען מען ווערט געבאָרען אַלס יוד, עס קאָסט גענוג געלד און געזונד ביז מען וואַשט זיך ריין פון דיזען פלעק.

**העלענע:** יאָ — ניין! דאָס איז קײנע שאַנדע און קײן פלעק אין געגענטהײל דאָס בעווײַזט נאָר, דאָס וואָר עס ערנידריגט זיך אום די ליעבע פון זײַנע פײַנדע צו זוכען, דער איז ניט ווערט געליעבט צו ווערדען! וואָצו דען קוסען די רוט וועלכע שמײַסט אונז, וואָצו פאַלען אויף די קניה פאַר מענשען וועלכע שטויסען אונז צוריק, איך בין ניט מיט דײַן מײנונג, איך גיעב ניכט אום זײער פרײַנד-שאַפט, איך בין שטאָלץ איין יודישעס קינד צו זײַן, דאָס קינד פון איין אַלטעס געדולדיגעס פאָלק!

**זיידעמאר:** נאַרישקײַט! עס עקסיסטירט גאָר מעהר קײן יודיש פאָלק, אין פּוילען זענען מיר פּאָליאַקען, אין פראַנקרײַך פראַנצויזען, אין דײַטשלאַנד דײַטשען, מיר מוזען זיך צווישען די פעלקער פער-אייניגען און אַ טהײל פון זײ ווערען.

**העלענע:** ווי פייער מיט וואסער, אזוי זענען די יודען מיט די קריסטען. די פיינדשאפט איז צו אלט, און איינגעווארצעלט. אין יעדע ווילע שפרינגט זי ארויס נאטירליך. מיר רעדען ניט פון אויסנאהמע מענער וועלכע עס טרעפען אפט, נאר די גרויסע מאסע קריסטען זענען ניכט דום, אום זיך מיט דעם יודען צו פעראייניגען זיי וועלען קיינמאל פריינדע ווערען!

**זיידעמאר:** וואס קימערט אונז איינגענטליך? נימאנד האלט מיר פאר א אידען. דען איך בין איין פאלקאמער קריסט, אויף קירכען גיעב איך גרויסע סומען געלד, מיין צוקינפטיגער איידעם איז דערצו נאך אפיצער, נון דארף איך ניכט פאר דאס אלעם גאט דאנקען?!

**העלענע:** דיזער אפיצער מיט וועלכען דו שטאלצירסט איז שולדיג גאט און די וועלט! וואו ער בארגט דא בעצאהלט ער ניכט, אונד ביי מיר זוכט ער איינע קוועלע ווי געלד צו שעפפען, נון דענקסטו דאס איך וועל הייראטהען פאר דיזען מאן וועלכער זוכט מיין געלד, ניכט מיך?

**זיידעמאר:** פון וואנען ווייסטו דאס אלעם!

**העלענע:** פון וואנען איך וויים? פון וואנען זאג מיר, ווייס איך דאס מיך האט איינע גוטע יודישע מוטער געבוירען, וואהער ווייס איך, דאס מיין אונגליקליכע מוטער האט געהייסען רחל? אונד גראדע ווי יענע זיסע ביבלישע רחל איז זיא אויך יונג פון דער וועלט געגאנגען, אה איך וויים גענוג פאטער! איך וויים גענוג!..

**זיידעמאר:** ווער האט דאס דיר ערצעהלט, ווער האט איינגענטליך אינטערעסע דיר אלטע פערגעסענע געשיכטען צו ערצעהלען.

**העלענע:** אלטע רופסטו עס? — פערגעסענע געשיכטען, זא ווילסטו זאל איך זאגען איבער די יעניגע, וועלכע האט מיר אויף דער וועלט געבראכט!? א ניין, איך קאן מיינע גוטע מוטער ניכט פערגעסען! איך האב זי ניכט געזעהן, דאפיר זעה איך איהר שטענדיג אין מיינער פאנטאזיע. איך האב פון איהר קיין בילד, קיין לעבענסצייכען, דערפאר שוועבט איהר בילד אלע מאל פאר מיין גייסטיגען בליק, איך שעטצע איהר מוטה איך בעוואונדער איהר פעסטען גלויבען, איך בעוויין איהר שיקזאל...

**זיידעמאר:** העלענע! די טויטע שטעהען מעהר פון קבר ניט אויף, דו לעבסט, איך לעב, מיר מוזען עקסעסטירען, די יודען זענען פאר מיך טויט. הער מיין קינד באלד וועט אונז דער בורגמייסטער בעזוכען, מאך מיר קיין בזיונות, ער איז דער פערמיטלער צווישען אונז און דעם אפיצער, ער האט שווער געארבייט, ביז ער האט די זאכע צו שטאנד געבראכט, יעצט מוז נאך הייטע דיין פערלאבונג



זיין טהו אן דיינע שענסטע קליידער, דו ביסט יונג, דו ביסט שיין העלענע, דו ביסט רייך, און דיזע פארטיע קאן דיך אריסטאקראטיש מאכען דרום מיין קינד פאלג דיין פאטער!

**העלענע:** פאלגען מיינען פאטער! יא אין אלסדינג וועל איך פאלגען, אבער אין דעם פאלג איך נאר די שטימע פון מיין טויטע מוטער איך וועל נימאלס די פרוי פון דעם יונגען מאן ווערדען, וועלכער זאל מיך יעדעס מאל זידלען, יודען, איך בין אויך אזוי אריסטאקראטיש ווי ער, און אויב דער יחוס פון דער אפיצער בעשטעהט אין דעם, וואס זיין פאטער האט געגעסען פלייש וואס האט זיך אב געבראטען א אונטערזייטעל איז דאס פאר מיין עלטער זיידעס אברהם, יצחק ויעקב ניט קיין גרויסער יחוס, ניין פאטער, איך ברויך ניט זאלכע יחסנים, איך בין אליין איחסן-טע, מיין מוטער רחל האט אין זיך געהאט מעהר עהרע, מעהר ליבע, מעהר גלויבען אונד מעהר אמת אלס אלע דיינע אפיצערען אונד איך בין איהר טאכטער, איך בין שטאלץ דארויף. (אב)

**זיידעמאר:** אה די הארטנעקיגע זי וועט מיך צו גרונדע ברענגען. זי טרעט מיין נאמען אונד עהרע מיט די פים, אבער עס זאל אנדערש ווערדען, זא וואהר איך אנטאן זיידעמאר היים. (אויפטריט יאשקע)

**יאשקע:** דער יודע וויל איך זעהן.

**זיידעמאר:** לאז איהם ארין (יאשקע אב) מערקווירדיג, הייטע 20 יאהר זייט מיינע ערשטע פרוי, די אידישע, איז טוידט, אונד בין יעצט געצוואונגען איהרען ברודער דעם יודען צו עמפפאנגען, מערקווירדיג... (אויפטריט איידעלמאן)

**איידעלמאן:** גוטען אבענד!

**זיידעמאר:** זיצט... ווי איך האב געהערט, געפינען זיך ביי אייך וועקסלען אויף דעם אפיצער זאקס, און דיזער אפיצער איז מיין צוקינפטיגער איידעם, און אזוי ווי ער איז יעצט ניט אימשטאנדע אייך צו בעצאהלען, אונד איהר זייט זעהר צו דרינגליך, ווייל איהר זענט אויף דער רייזע נאך פאלעסטינא, זא וויל איך די וועקסלען ביי אייך אויסקויפען.

**איידעלמאן:** איז דאס אלעס וואס איהר האט מיר צו זאגען, איך האב געמיינט אז אזוי ווי איהר זענט געווארען א גרויסער בעל צדקה, דען די צייטונגען שרייבען דאס איהר האט געגעבען 40,000 רובל אויף אקירכע שיקט איהר מיך רופען, און איהר ווילט מיך אויך געבען א גרויסע סומע פאר די אידען אין פאלעסטינע.

**זיידעמאר:** העער עדעלמאן, איהר זענט יעצט ביי מיר אין הויז, פערגעסט ניט דאס איך בין איין קריסט אונ האב מיט יודישע אנגעלעגענהייטען אונד וואהלטהאטיגע צוועקען גאר ניט צו טהון:

**עדעלמאן:** נעביך א גאנץ רחמנות.

**זיידעמאר:** גיבט מיר די וועקסלען.

**עדעלמאן:** די וועקסלען גיב איך ניכט, איך קען דאס ניכט טאהן קעגען מיינע טויטע שוועסטער, ווען איך נעהם פון אייך דאס געלד, הייסט עס מיין געלד איזט מיר ליבער פון אלעם, איך וויל אייך אבער זאגען דאס, דאס אנדענקען פון מיין שוועסטער איז מיר ליעבער פון דאס געלד, דען די וועקסלען וועלען מיר שטענדיג דערמאנען וואס פיר אלומפיגע מענשען מיין געוועזענער שוואגער נעהמט פאר א שוויגער זאהן, נאר ווייל ער האט די עהרע איין קריסט צו זיין.

**זיידעמאר:** אלזא גוט, בעהאלטעט אייך די וועקסלען, אבער בעהיטע גאט ווען איהר דעם איידעלען לייטענאנט זאקס בלאמירען ווערדען, דאן האט איהר עס מיט מיר צו טהון.

**עדעלמאן:** איין מאן וואס איזט ניכט אין שטאנד זיינע וועקסלען אליין צו בעצאלען דער איז פון זיך זעלבסט בלאמירט.

**זיידעמאר:** וועלכע פרעכהייט!.. מיינע טאכטער מוס הייראטען מיט דעם לויטענאנט זאקס און דעריבער געבען זי מיר.

**עדעלמאן:** אבער צו וואס ווארפט איהר אייערע געלד ארויס, איך וייס דאך אז אייער טאכטער וויל פון איהם ניכט וויסען.

**זיידעמאר:** ווער האט דאס אייך געזאגט?

**עדעלמאן:** מען דארף מיר דען זאגען? איך ווייס אז זיא איז פונקט ווי די מוטער, יענע האט מיט 20 יאהר צוריק ניט געוואלט זיך טויפען ווען איהר האט זי געצווינגען; און זי וויל ניט געהן צו דער טרויאונג ווען איהר צווינגט איהר.

**זיידעמאר:** איהר זענט אלזא בעקאנט מיט דעם, וואס עס געהט פאר אין מיין הויז עס מוס דאס יעמאנד ערצעהלען?

**עדעלמאן:** זיכער! מארגען איז ביי מיין זאהן מיט מזל חתונה, די כלה זיינע קען אייער טאכטער פונקט ווי זיך אליין, וואס אייער טאכטער טראכט ווייסט מיין זוהנ'ס כלה, נא איז שוין קיין וואונדער וואס איך ווייס?

**זיידעמאר:** האט מיין העלענא צוזאמענקונפט מיט איין יודישעם מעדכען?

**עדעלמאן:** וואס דען גלויבט איהר, זיא איז ניכט דום, זי זוכט פריינדשאפט צווישען אידעשע קינדער, ווייל זיא אליין קומט דאך פון אידען ארויס, איהר האט געגלויבט מיך רייך צו מאכען מיט דעם געלד פון די וועקסלען, ניין איך וויל נישט אייער געלד? איך בין נאר געקומען זעהן פיליכט קלאפט נאך אין אייך איין אדער פון חרטה! יעצט ווי איך האב מיך איבערצייגט אז איהר זענט דער שלעכסטער מענש אויף דער וועלט, לויף איך פון אייך ווי פון טייפעל



איך האב אייך 20 יאהר ניכט געזעהן אונד וויל אייך ווייטער ניכט זעהן. (אב)

**זיידעמאר:** וואס געהט דא פאר? און דאס האט געוואגט איין נידעריגער פעראכטער יודע ביי מיר אין הויז צו זאגען?.. אבער וואס האט ער געזאגט? זיין זאהן געהט מארגען הייראטען איין יודישעם מעדכען. אונד וואס זי דענקט, ווייסט מיינע טאכטער העלענא... וועלכע געדאנקען... ווען דאס זאל אמת זיין דאן ציטערע דו אבשייליכער וואוכערער, איך וועל דיין נשמה מיט מיינע הענד ארויס רייסען אונד פאר די הינד ארויס ווארפען.

(אב אויפטריט יאשקע)

**יאשקע:** אוי, האט ער בעקומען א פארציע! איינע נאך דער אנדערע, די טאכטער האט איהם געלייגט אין דער ערד איהם איז שלעכט, – וואס איז? די טאכטער וויל איהם ניכט פאלגען זיא וויל ניכט הייראטען דעם לייטענאנט. דער טייוועל מעג דעם פאטער מיט דעם לייטענאנט האלען פאר דעם לינקען קליינעם פינגער פון העלענ'ס לינקען פוס, זיי זענען ניט ווערט די בלאטע וואס געפינט זיך אין איהרע אבזאצען, א דושקע! א ליבלינג! איך וואלט דיך געקאכט אין הערינג און אין עסיג ווען דו זאלסט מיר נאר איין מאהל אומארמען אונד אויס שרייען – יאשקע מיין ליבלינג! נאר וואס העלפט דאס? ווי מיר שיינט ליעבט זיא גאר איין אנדערען, איין מאל האב איך איהר אין דער יודישען געגענד בעגעגענט, מיר שיינט אז זי איז צו דעם הערר עדעלמאן אין הויזע אריין, ווען איך זאל נאר דאס אן זאגען דעם הונד, וואלט ער ניט וועניג געבילט. נאר איך קען עס קעגען איהר ניכט טהון, גאט בעוואהר איך דארף עס ניט טהון... (מען קלינגט) אהא, מען קלינגט! נון ווען דער הערר איזט ניט צו הויזע, וועל איך דער הערר זיין (זעצט זיך) אריין! איך בין בערייט צו עמפפאנגען!..

(אויפטריט חפני, פנחס)

**חפני:** הערר לעבען, גוטנאבענד!

**פנחס:** גוט נאבענד, הער לעבען!

**יאשקע:** וואס פיהרט אייך אין מיין פאלאץ?

**חפני:** רעד פויליש, פנחס, אברירה האסטו.

**פנחס:** טאקע אזוי, פראשע טופושקע טו זא ארץ הקדושים, חצעם פאניע אויף דער וואנד אנקלאפען.

**יאשקע:** דער הערר וויל וויסען וואס איז דאס פאר איין ...ושקע.

**חפני:** גיב איהם צו פערשטעהן און רעד פויליש, אברירה האסטו.

**פנחס:** טאקע אזו פאניע פריץ ווסיא זא ר' מאיר בעל נס.

**חפני:** אוי ביסטו אין ד'רעד – "ר' מאיר בעל נעסקע" דארף

מען זאַגען אויף פויליש, אַבלל דו קלאַפּ, אין איך וועל ריידען מיט דעם פּריץ. פנחס (לאָזט זיך געהן צו דער טיהר קלאַפּען).

**יאשקע:** האַלט, אומגליקליכער. ווי וואַגסטו אין אַזאַ פּאַלאַץ אַזוי וואָס אַנצולאַפּען ?!..

**פנחס:** אדוני, גרויסער הער, איהר ווערט מחיי זיין כמה וכמה משפחות!

**חפני:** אייגענטליך איז עס אַחידוש נפלא ווי קומען מיר אריין אין אהיכל מלכים מיט ארץ ישראל פּולקעס.

**פנחס:** נאָר אויף אַלעם פּריץ לעבען, איז דאָ אַ תירוץ.

**חפני:** פיניע ערקלער דעם פּריץ, ווי אַזוי מיר קומען צו דער מחשבה דאָ אַנצוקלאַפּען אַ פּושקע.

**פנחס:** פּאַניע פּריץ, די געשיכטע דער פון איז זיינפאַך, נישט לאַנג צוריק האָב איך גימיינט, אַז יודען זענען נאָר די, וואָס וואָהנען אין בלאָטיגע געסלעך אין שמוציגע הייזער.

**חפני:** הע, הע, הע, מיר גיבען אַקוק אַז עס איז דאָ יודען מיליאָנטשיקעס, אלה ברכב וועלכע פאָהרען אין קאַרעטעס ואלה בסוסים און וועלכע פאָהרען מיט טייערע פערד און וואָהנען אין טייערע סאַלאָנען, מע לעבט כיד המלך עס איז פשוט אַ מחיה.

**פנחס:** ויהי היום, איז געווען אַ טאָג, האָבען מיר געזעהן אַז פון אַקאַרעטע נעבען ר׳ יעקב עדעלמאַנ׳ס הויז איז אַרויס געשפרונגען אַבתולה, אַיפת תואר אַ אמת׳ע פּאַנענקע אַוואַהרע בת מלכה, נון, שטעלט אייך פאָר אַזאַ איבעראַשעניש זי געהט אַריין צו ר׳ יעקב׳ן אין הויז.

**פנחס:** זיין זוהן, איהר ווייסט דאָך מסתמא, דער געלערנטער גבריאל, וואָס די וועלט קלינגט מיט איהם.

**חפני:** ער לויפט איהר אַנטקעגען און רעדט מיט איהר ווי אַברודער מיט אַ שוועסטער...

**פנחס:** ווי אַחתן מיט אַכלה, טראַכט איך מיך לכאַי אַרימע לייט..

**חפני:** האָב איך געזאָגט צו פיניען, עס קען זיין, אַז וואָס? אַז אַזאַ מין יפת תואר, וואָס זעהט אוים ווי אַ אמת׳ע גויה, פון דעסטוועגען איז זי נאָר אַ יודיש קינד.

**פנחס:** אַ אמת׳ע בת ישראל, קען דאָך טאַקע זיין אַז עס איז דאָ נאָך אַזעלכע מיליאָנטשיקעס.

**ביידע:** היינט למאי טאַקע ניט פּושקע?...

**חפני:** האָב איך געזאָגט, לאָמיך זיך דורך געהן אין די חצירות



מלכים מיט פּושקעס אַי טאָמער וועט איהר מיך וועלין פרעגען אַקשיה פון וואַנען ווייסען מיר...

**ביידע:** אַז דאָ וואָהנט אַבן ברית?...

**פנחס:** וועלען מיר אייך ענטפערין אַתירוץ אַז די זעלבע פּאַניענקע, וואָס מיר האָבען געזעהן אַריינגעהן צו ר׳ יעקב׳ן אין הויז...

**חפני:** האָבען מיר אייך געזעהן אַריינגעהן אין דעם הויז...

**ביידע:** אצונד שטעהט ניט און טראַכט ניט און לאָזט אונז קלאַפּען די פּושקע.

**יאשקע:** אַלזאָ ווי איך זעה, קומט איהר מיר דערצעהלען אַז איהר האָט געזעהן די שיינע פרייליין אריינגעהן צו ר׳ יעקב׳ן אין הויז. הינט וואָס איהר זענט, ווען דער גנעדיגער הער זאָל געווען יעצט הערען, וואָלט דאָך אַרוים דער גרעסטער אומגליק, זאָג איך אייך מעהר זאָל דאָ אייערע פּנים׳ער ניט זיין.

**ביידע:** צו וואָס ניצט דער כעס?!..

**יאשקע:** אָה! לאָסט מיר צו רוה!

**פנחס:** פּריץ לעבען, איהר ווייסט גאָר ניט דעם טעם פון דער פּושקע, נאָר אויב איהר וועט אונז ערלויבען וועלען מיר אייך זינגען א לידעל פון דער פּושקע. פון דעם לידעל וועט איהר שוין אליין פערשטעהן ווי נייטיג עס איז אַפּושקע.

**חפני:** אקלייניגקייט, וואָס הייסט נייטיג, ווער עס האָט נאָר איודיש גליד, טאָר גאָר אזא פּושקע ניט אוועק שטויסען פון זיך, פאר יעדעם מאָהל וואָס איהר וועט נאָר אריין וואַרפען, זאָל איך אזוי געזונד זיין, אָה טאטע הארציגער, וואס פאר אמצוה איהר וועט האָבען.

**פנחס:** הערט־זשע אונזער ליעד וועט איהר אונז ליידיג ניט אוועק לאָזען, (ביידע זינגען:)

מיר, מיר שנאָרען ביים גאנצען קהל
און האָבען גאָר נישט דערפון.
פאר קרענקען זאָלען מיר
דאָס געלד שיקט מען קיין ארץ ישראל
נאָ טהוט שוין אמצוה וואַרפט אריין אין פּושקע.

**חפני:** איהר מיינט אז די רבנים און די דיינים
געבען צדקה גאָר אָהן אצאָהל;
אַבריָרה האָבען זיי און פון די פּושקעס אויף די מזומנים
ווערט געשיקט קיין ארץ ישראל,
ווי מאכין טישען, מיט קוגלען פישען עס איז אוועלט.
די צדקה געהט אריין אין זייערע קישקעס.
מען האפּט מען קויפט מען פרעסט מען זויפט אלץ פאר דעם געלט.
(ב״ס)

און שיקען קיין ארץ ישראל אליידיגע פושקע.

**פנחס:** אוי אויסקרענקען זאלען די קישקעס וואס רייסען אזא געלד.

**חפני:** שווייג דו נאר וואס טויג עס דיר. (געזאנג)
אבער מיר שנארין אוים א. ז. וו.

**פנחס:** און די גבאי'תע די ליגען-זאגערען
שנארט אפילו ביי אמת, אברירה האט זי?
טאקע אזוי, קיין ארץ ישראל שיקט זי אליידיגע פושקע
די פושקע פון ר' מאיר בעל נס, אברירה האט זי
דאס אלטע שלאק, לעבט מיט דעם קנאק
פאר דעם ביסל מעות
און הייסט נאך אין דער שטאט די גבאי'תע מישקע
זי געהט חתונה האבען מיט אזאטען בעל הבית
ביז זי ליידיגט אוים בעל נס פושקע

**חפני:** אוים פוילין זאל ביי איהר די קישקע וואס הייסט פאר אזא געלד גייט זי חתונה האבען.

**פנחס:** וואס טויג עס דיר.

**געזאנג:** אבער מיר שנארען א. ז. וו. (ביידע אב)
(מהערט בילען הינד חפני פנחס שרייען, יאשקע צינדט אן אליכט און געהט אב) (אויפטריט טעאפעלא זיידעמאן)

**טעאפעלא:** איך זאל פערפלוכט זיין אויב העלענע האט קיין אנדערע ליעבע יא, אנדערס קאן דאס ניט זיין דאס פייער פון איהר שפראכע, איהר הארטנעקיגקייט דאס אלעס בעווייזט, דאס זי ליעבט יעמאנדען און אויב איך האב קיין אירטהום איז איהר געליעבטער א יודע, יא, אזוי מוס עס זיין.

**זיידעמאר:** נון מיינע ליעבע, האט זיך קיינער פון די געסט געמעלדעט.

**טעאפעלא:** ביז יעצט נאך ניט, אבער איך גלויב דאס אין יעדען אויגענבליק דארפען זי אלע אנקומען, איבעריגענס איז דאך שוין אלעס אין ארדענונג געבראכט און מען דארף זיך ניט היילען.

**זיידעמאר:** איך דענק ליעבע פרוי דאס דיינע ראטה איז ניט הייטע אבענד זאלען מיר פארלייפיג פון תנאים ניט רעדען עס האט נאך צייט, הער זאקס ליעבט זי דאס בין איך זיכער און זי וועט בעסער ווערען. (אויפטריט יאשקע)

**יאשקע:** דער הער בורגאמיסטער פרידריך!... (אב)
(אויפטריט בורגאמיסטער)

**זיידעמאר:** ווילקאמען הערר פרידריך! זייט אונז העצליך ווילקאמען!..



**פרידריך:** נאך קיינער ניטא? און איך האב געמיינט דאס איך האב זיך שוין פערשפעטיגט.

**זיידעמאר:** איך האפע דאס די געסט וועלען שוין דא באלד זיין.

**פרידריך:** הערר זיידערמאר איך זאג אייך נאך איינמאהל אים נאמען פון אונזערע בירגער דעם שענסטען דאנק פאר דאס גרויסע געשאנק וועלכע איהר האט גישענקט. (אויפטריט יאשקע)

**יאשקע:** די געסט קומען!
(אויפטריט לויטענאנט, דאמען, הערען)

**כאר:** מיר קומען דיך בעגריסען
זיי בעגריסט פון אונז דא יעצט
מעג גאט דיר דיין לעבען פערזיסען
פון דער גאנצער וועלט זיי געשעצט
גרוים און קליין יונג און אלט
אכטעט אייער גרויסען ווירטה
דען ער איז עס ווערטה
ביי אונזערע פריינד איז ער פערעהרט

**זיידעמאר:** ווילקאמען אין מיינע וואהנונג!.. יאשקע!

**יאשקע:** וואס בעפעהלט דער גענעדיגער הערר!

**טעאפעלא:** ברענגט אריין דעם בעסטען וויין

**יאשקע:** זא פארט!.. (אב)

**פרידריך:** נו קינדער וואס גיבט נייעס ערצעהלען זי דאך וואס;

**זאקס:** דאס איינציגע וואס מיך אינטערעסירט איז דאס פעהלען פון הויפט גאסט... וואו איזט אייגענטליך די שיינע העלענא?

**אללע:** יא, יא, וואו איז זי דען?

**טעאפעלא:** זי איז אין איהר צימער, איך רופע איהר זאפארט (אב יאשקע טראגט אריין וויין)

**פרידריך:** אויף דאס וואהל פון צוקינפטיגען פאראר (טרינקט)

**אללע:** וויוואט! האך! האך!

**זאקס:** נאך נישט זא איבעראיילט מיט אייערע ווינשע, נאך בין איך ניט גליקליך פערלאבט, נאך האט מיר די שיינע העלענא איהר יא ווארט ניט געזאגט (אויפטריט העלענא און טעאפעלא)

**זיידעמאר:** אט דא קומט די ברויט!

**העלענע:** איך ווינשע גוטען אבענד מיינע הערשאפטען'

**זאקס:** זיי אונז ווילקאמען! ביי גאט מעדכען דו שיינסט יעצט אוים ווי דער העלער מאנד אונטער זיינע רייכע שטערנע

**העלענא:** נאר קיינע צו שטארקע קאמפלימענטען, הער זאקס! איך בין וויים פון די זון און מאנד, נאר אלס איינפאכעס מעדכען בעגריסע איך אייך אין אונזער הויז, גערנע זעהע איך אלעמען היער!

**פרידריך:** נאך ניט אונזער ווערטער הער לויטענאנט עס האט דאך קיינע איילע צו ערשט זאלען די גליקליבע זיך איינער געגען אנדערן מעהר פערבינדעט פיהלען מיט דער בעקאנטשאפט וואקסט די ליבע, דאן איז צייט פערלאבט צו ווערען און צו הייראטהען, וואס זאגסטו מיינע ליעבע העלענא?

**העלענע:** זיס איז נאר די ליעבע, דען זי איז דער בעסטער פערמיטלער, אבער זי קומט זעלטען ווען מען זי רופט, אומגעקעהרט אממייסטענס קומט די ליעבע אומגעבעטען, ניכט וואהר!

**אללע:** ריכטיג! ריכטיג!

**זאקס:** אבער מערקווירדיג, דער יעניגער וועלכער דען פעסט פעראנשטאלטעט האט, דער אליין איז גראדע טרויריג, יא הערר זיידעמאר! איך זעה דאס זי מיסגעשטימט זינד.

**זיידעמאר:** מיינע פריינדע איהר מוזט מיין שטיל שווייגען פערצייהען דער קאפף איז מיר אזוי פול, דאס עס איז מיר שווער אווארט ארויס צו ברענגען, איין נידערטרעכטיגער יודע, דער אלטער וואוכערער יאקאב עדעלמאן איז היינט ביי מיר געוועזן און האט מיר שווער בעליידיגט, און ווייסט איהר ווארום? — וויל איך פערשענקע גרויסע סומען פאר די קירכען און ניט פאר יודישע וואהלטהעטיגע צוועקע ווי צום ביישפיל פאר פאלעסטינא און נאך אזעלכעס; איך בין זעהר שטארק דאדורך געקרענקט.

**זאקס:** איך קען דעם יודען, איך בין איהם איינע קליינע סומע געלד שולדיג אונד אזוי ווי ער פאהרט יעצט נאך פאלעסטינא האט ער מיך זאגאר פאר מיינע פריינדע בלאמירט, זעהט פרעכהייט פון איין וואוכערער, אבער איך ראטהע אייך איהר זאלט איהם קיין קרייצער געבען, שפאטען זייא פון איהם וויא אויך פון זיינע ווארטען דען די הינד זינגען אונז אויס דאס בלוט און יעצט רייזען זייא נאך פאלעסטינא אום מיט אונזער געלד נאך אמאל צו וואוכערען א איך ווינשע, מיר ווערדען די אלע אין איינען טאג לויז ווערדען. זאלען זיי נאך פאלעסטינא געהן, מיינעט וועגען צום טייפעל אונד אונז שוין ריהע לאסען.

**פרידריך:** וואס פאלעסטינא אנבעלאנגט וואלט איך זאגען דאס עס ווערע אמבעסטען דאס די גאנצע וועלט זאל דאגעגען שטרענג ארבייטען דעם יודען נאך פאלעסטינא ניט צו לאסען.

**זיידעמאר:** אויך איך בין מיט דיזער מיינונג, די יודען



דארפען איבער דער גאנצער ערד צושטרייט זיין.

**העלענע:** אונד ווארום האבען יודען קיין רעכט זיך איין היימאט צו זוכען, איבערהויפט איז פאלעסטינא דאס לאנד וואו זיי האבען אמאל גליקליך געלעבט, געאטהעמט, איך מיין עס איז גיכט מעהר אלס רעכט דאס דער פערלארענער זוהן זאל צו זיינע אלטע מוטער צוריק קעהרען.

**זיידעמאר:** דומהייטען, וועלכע רעגירונג וועט עס גאר צו לאזען אז דארט וואו אונזער היילאנד איז געשטארבען, זאלען זיך אונגלויביגע יודען פאר זיך א היימאט בילדען.

**זאקס:** דיזע וואוכערער ווערדען שטארבען אלס אונגלויביגע, נאך מיינע מיינונג נאך גיבט דאס זעהר פיעל מיטעל ווי איין מאהל פאר אלע מאהל פון זיי לויז צו ווערען, ענטוועדער מען מוז זיי וויעדער-אין דיא איינגע געטהא'ס איינשפארען, און זיי זאלען אין דער פערפעסטעטען לופט צו גרונדע געהן, אדער גאר א קורצעס פראצעס מאכען אונד ארויס יאגען אויס פראנקרייך!

**אללע:** בראוואַ! בראוואַ!

**העלענע:** אונ דיזעס וואגען זיא דא אין אונזער הויז צו בעהויפטען.

**זאקס:** נו יא, דא זענען דאך קיינע יוד ניט א ניכט וואהר?

**אללע:** יא, יא, יא!

**העלענע:** איהר זייט קיינע יודען — איז דאס א פערטהיידיגונג פאר די מענשהייט אונד פאר דער מאראל?.. לערענט איך דען די וויסענשאפט אזוי צו בעהאנדלען די יעניגע וועלכע דענקען ניט אזוי וויא איהר?.. יא שעמען מוזט איהר זיך! מענשען פון שטאנד און בילדונג זאלען אזוי איבער מענשען אורטהיילען, די יודען זענען דאך אם ענדע אויך מענשען גלייך מיט אייך!.. אשענע פאעזי איז עס געוועזן מיין הערר אפיציער זאקס!.. מען זאל דעם יודען זיינע רעכטע צונעהמען אונטער דריקען און דער נאך פון לאנדע ארויס טרייבען דאס איז שיין אונד איידעל גערעדט, אבער דיא שאנדע פאלט ניט אויף דעם יודען נאר אויף אזעלכע מענשען ווי זיא הערר לייטענאנט.

**זאקס:** מיינע הערשאפטען זיא בזעליידיגט אונז.

**אללע:** יא, יא, זיא בעליידיגט אונז

**העלענע:** א, איך ווייס פאר וואס איהר בעליידיגט דעם יודען וויל ער איז רייך, פעהיג, בראוו, און שפארזאם. דער איד בלייבט איד צו איז ער געטויפט צו ניט. איך בין פון היינט אן פון אייער געזעלשאפט אויס געשלאסען, בעסער געהן אין די הייזער, בעסער

שלאָפען אויף דער נאַקעטע ערדע, איידער דיזע פאַלשהייט, דיזעס שענדליכעס צו הערען

**אללע:** וואָס איז דאָס ?

**העלענע:** מענשען זייט איהר? איהר פרעדיגט מאָראַל און פאַלשע בעסטיען, חיות זענט איהר... איך די יודין פעראַכטע אייך אונד לאַך פון אייך.
(אָב, פאָרהאַנג)

## צווייטער אקט.

(א עלעגאנט צימּמער ביי ר' יעקב עדעלמאַן).

(אין גרונד פון דער ביהנע אַזוי ווי אַ עמוד מיט לעכט אַנגעצונדען עדעלמאַן געהט אום מיט אַטלית חפני – פנחס – יורען)

**כאָר:** אַל מָלֵא רַחֲמִים.

**עדעלמאַן:** (סאָלאָ) גאָט שיק דיין ברכה.
און שיטצע אונז שיטצע אונז
גאָט שיק דיין פאָלק הצלחה
שיטצע דיין פאָלק ישראל
אָמן, אָמן, אָמן.

**עדעלמאַן:** איצט מיינע פריינד געהט אייך אַלע אַהיים און קומט צו געהן שפּעטער אויף מיין זוהנס חופה, דאַן וועלען מיר עסען טרינקען און זיך פרייען ביז דער פרידמאָרגען וועט קומען, נאָכדעם וועט איהר מיך בעגלייטען אין מיין וועג.

**חפני:** זייט-זשע מוחל ר' יעקב איך האָב אייך צו פרעגען צוויי קשיות.

**פנחס:** זייט-זשע מוחל ר' יעקב איך האָב אייך צו פרעגען פיער קשיות.

**חפני:** שווייג, איך וועל פרעגען, ר' יעקב מילא אַז מיר האָבען אַלע יאָהר אַ יאָהר צייט און עס געהט צו שטאַרק בשתיקה און יעדער קריגט אַשיינע מטבע, האָב איך געשוויגען אַברירה האָב איך.

**פנחס:** טאַקע אַזוי אָפשר איז דאָס טאַקע אַזאַ מין זאַך... אָבער אייער זוהן וואָס האָט אַזאַ ליכטיגען נאָמען אויף דער וועלט האָט גראַדע חתונה אין אַזאַ פינסטערע נאַכט.

**חפני:** איז מיר אַחידוש ניפלא מאַין שמיטה אצל חתונה

**ביידע:** וואָס פיר אַ שייכות האָט חופה צו אַ יאָהר צייט.

**פנחס:** לאָז מיך רעדען, רבונו של עולם,



**חפני:** איך מיין אַז אַזוי ווי איהר זענט סיי וסיי פערטיג צו דער נסיעה קענט איהר אונז דעם סוד מגלה זיין אַברירה האָט איהר?!

**פנחס:** טאַקי אַזוי.

**עדעלמאַן:** איהר האָט רעכט מיינע פריינד, אָט וועל איך אייך ענטדעקען דעם סוד פון דעם יאָהר צייט, מיט 20 יאָהר צוריק איז ביי מיר געשטאָרבען מיין שוועסטער, עס איז אַפילו בעוואוסט דאָס איהר אייגענער מאַן האָט איהר ערמאָרדעט ווייל ער האָט זיך געטויפט צו ליב אַ רייכע קריסטין, זי האָט איבער געלאָזט אַ פיצאַלע קינד, וואָס עס האָט גאָר ניט געוואוסט פון איהר מוטערס שיקזאַל, איך האָב איהר אין געהיים עס ענדעקט און היינטיגע נאַכט, ווען איך האָב יאָהר צייט אין טרויער נאָך מיין שוועסטערס טויט, איז ביי מיר צוגלייכער צייט אַ פריידע, דען מיין איינציגער זוהן האָט היינט חתונה מיט מיין שוועסטערס טאָכטער.

**פנחס:** פאַר וואָס איז די חופה אַזוי בשתיקה?

**חפני:** דאָס איז קיין קשיה ניט?

**עדעלמאַן:** זי איז גיטויפט און ווען זיא ווערט צוריק אַ יודיש קינד, אין האָט התונה מיט אַ יודען, קען זי שטאַרק בעשטראָפט ווערען, דעריבער פאָהר איך טאַקע נאָך דער האָכצייט מיט מיינע קינדער נאָך ארץ ישראל.

**חפני:** וואָס דען אברירה האָט ער?

**פנחס:** טאַקע אַזוי!

**חפני:** איהר זענט אַבְּרְיָה אויף נאָמנות, מיט איין קלאַפּ האָט איהר פערענטפערט צוויי קשיות.

**עדעלמאַן:** יעצט מיינע פריינד, אז איך האָב אייך שוין ענטדעקט דעם סוד וויל איך אייך פאָרשטעלען די כלה וואָס האָט היינט אי יאָהר צייט, אי חופה, אויף איהר קריסטליכען נאָמען הייסט זיא העלענאַ, נאָר איך האָב זי שוין לאַנג געגעבען אַנאָמען רחל, נאָך איהר געשטאָרבענע מוטער!

**חפני:** אַזוי קאָנען מיר דאָך שוין אויף איהר אַברכה מאַכען

**פנחס:** אוי ביסטו אַנאַר דו האָסט דאָך נאָך דיא פּרי ניט פערזוכט, און אַז מען פערזוכט ניט, מאַכט מען קיין ברכה ניט.
(אויפטריט העלענא)

**פנחס:** חפני, אוי וועה ווי איך בין איוד, דאָס איז דאָך די פאַניענקע.

**העלענא:** איך דאַנקע אייך מיינע פריינד, דאָ האָט איהר אַסוממע פון 600 רובל צו טהיילט עס פאַר אָרימע לייט (עדעלמאַן נעהמט דאָס געלד און גיט חפני'ן).

**עדעלמאַן:** חפני, 400 רובל זאָלסטו צו טיילען צווישען אָרימע לייט און 100 רוביל זאָלסטו שיקען קיין ארץ ישראל פאַר ר' מאיר בעל נס.

**חפני:** וואָס דען אַבירה האָב איך?

**פנחס:** טאַקע אַזוי (חפני ווייזט פנחס'ן מיר העלפט דיר העלפט).

**עדעלמאַן:** יעצט מיין קינד ווען מיר דיר איבער לאָזען אַליין, איך געה אויף'ן בית הקברות אַבשייד נעמען פון די טויטע קומט מיט מיר, יודען. (מוזיק ווידער האָלט נאָך דאָס № 4 חפני זינגט און מיט גיזאַנג. אַלע אָב)

**העלענא:** (געהט צו צו די ליכט) אוי איהר הייליגע רייניע נשמה ליכט; וויפיעל טרויריגע געדאַנקען ברענגט איהר אויף מיר, ברענט, לייכטעט צום אָנדענקען פון מיינען יונגע אומשולדיג געשטאָרבענע מוטער; מוטער! שטעה מיר ביי מיין יעצטיגען שריט, קוק אַראָב פון הימעל און בענטש דיין קינד צו איהר חתונה (זינגט):

## I.

דאָ נעבען אַבעריגעל גייט אַוואַסער
לויטער ווי אַשפיגל, פון דעם קוואַל.
דאָס טייכעלע פליסט, די ערד ווערט נאַסער
זי שפילט זיך און רעדט זיך איבעראַל
ווי די חוואַלע פליסט איהר זעהט זי באַלד
גאָך איידער איהר גיט אויף איהר אַבליק
אַזוי פליהען די יאָהרען, עס בלייבט ניט קיין שפור
זיי לויפען און קעהרען קיין מאָל ניט צוריק

## II.

ביים טייך אַבלימעלע זעה איך שטעהן
ווי שיין זי האָט ערשט פריהער געשמעקט
זי האָט פאַר זיך דעם פראָסט דערזעהן
ווי שוואַך און געפאַלען זי איז הײנט
אַז זי ווערט קאַלט, ווערען די בלעטליך בלאַס
אַפוילער דאַרען ווערט פון איהר
אַזוי בין איך אויך, פערליהר מוטה און כח
ווען דער פראָסט, דאָס אַלטער קומט אָן צו מיר



אַ מענש אומזיסט געלעבט, אומזיסט שטאָלצירט, אומזיסט געשטרעבט

אַ מענש וואו בלייבט דיין גיטץ
וואו בלייבט דיין קראַפט, דיין מוטה און בעזיץ
אָך דיין טויט קריגסטו, מענש, פיר דיין שטאָלץ, כבוד און געלד
אַ יתגדל ויתקדש מאַרש אַמאַרש אויף יענער וועלט
חַ חַ חַ חַ אַ מאַרש! מיינע מוטער האָט דאָס אויך ניט פערמאָגט
נאָך איהר קדיש האָט קיינער נישט געזאָגט. —

**גבריאל** (הינטער די קוליסען) זאָג קדיש פרום עהרליך קינד

**העלענע:** ווער זאָל עס רעדין צו מיר אַצינד

**גבריאל:** דו ביסט ווי אַמלאָך ריין פון זינד
דיין תפילה דיין גיבעט
וועט גלייך אַרויף צו גאָט (בים, זאָג קדיש...)

**העלענע:** יתגדל ויתקדש (ער ערשיינט)

**גבריאל:** שמיה רבה

**ביידע:** (דועט) שמיה רבה
דו בעלוינסט און בעשטראָפסט נאָר אַליין
דו צאָהלסט יעדען נאָך זיין ווערט
דיין קראַפט קאָן קיינער ניט פאַרשטעהן
גיסט לעבען זאָ ווי עס איז בעשעהרט
בעגלה ובזמן קריב ואמרו אָמן

**גבריאל:** דיינע קלאָג לידער ריהרען מיך ביז צו טרעהרען, אָבער פון נון אָן וועל איך דיין שטיצע זיין, נעבין מיר וועסטו רוהען אין צו פרידענהייט און ניכט זיין טרויריג, איך בעט דיך זיי מונטער היינט איז די שענסטע צייט פון אונזער לעבען היינט געליבטע, ווערדען וויר אויף עוויג אונד אימער פעראייניגט, דיינע טוידטע מוטער אין קבר פערגיסט יעצט פריידע־טרערען זי הערט אונזער געשפרעך, אונד בעט גאָט פאַר אונז.

**העלענע:** רעד, רעד ווייטער דיינע ווערטער זענען באַלזאַם פיר מיין קראַנקעס הערץ, איך הער זיסע הימלישע רייד דורך דיינע זיסע ליפען, וועלכע טרייסטען מיר, אָבער איך וויים ניט, איך בין אַזוי טרויריג, איך וואָלט שוין געוואָלט אַלעס זאָל שוין פאַראיבער געהן איך וואָלט שוין געוואָלט איבערן גרענעץ זיין, דען מיין פאָטער פאַרשט זיכער נאָך יודען, זאָל ער מיך נאָר פינדען וועט אַ אונגליק געשעהן

**גבריאל:** אָ פירכטע ניכט נאָך דיעזע נאַכט זאָלען וויר

יעדער געפאהר ענטרינען נאך א קורצע ווייל און מען וועט אונז אונטער דער חופה פיהרען, ארחל, אומזיסט האב איך געסטערן מיינע גאנצע רעדענגס-קראפט אנגעווענדעט אום דאס הערץ דיינעם פאטערס צו יודענטהום צוריק צו קעהרען אומזיסט, אונזער בונד מוז בסוד שטאטפינדען נור א מנין יודען דעם פאטערס בעסטע פריינדע ווערדען דא זיין קיינער פון מיינע שול קאמעראדען קיינער פון מיינע יוגענד-פריינד וועלען זיין דערביי. געליבטען מיינע איך וועל דיר יעצט נאר אויף איין אויגענבליק פערלאזען, איך וויל פון מיינע יוגענד פריינד אבשייד נעמען; איך געה און קום באלד ווידער, און דאן וועל איך שוין קיין שריט מאכען פון דיר, איך וועל דיך היטען אזוי ווי א טהייערע פערלע.

**העלענע:** געה אונד קום באלד צוריק.

**גבריאל:** לעבע וואהל (לאזט זיך געהן, בעגעגענט יאשקען)

**יאשקע:** גנעדיגע הערין, גוטע הערין, איך בעט אייך פערלאזט מיך ניכט פון אייך, האט מיטלייד מיט מיר, איך קען מעהר ביי אייער פאטער ניט זיין, זינט איהר זייט פון דעם הויז אוועק, בין איך דארט ניט מעהר ווי איבער געוואלד איך בעט אייך נעהמט מיך צו בעסער איין מאל אין טאג איין שטיקעל ברויט מיט אייך איידער מיט איהם בראטען צו עסען איך וועל זיין אייער שקלאווע אייער טרייעסטער איבער געגעבענער יאשקע.

**העלענא:** אונגליקליכער, אבער פון וואנען האסטו געוואוסט וואו איך געפין זיך.

**יאשקע:** איהר מוזט מיר ענטשולדיגען, די ליבע צו אייך האט מיך שוין לאנג געצוואונגען איך זאל אייך ווי א שטן נאך געהן, איך האבע זיך אויך דערוואוסט דאס דיזער הער איז אייער געליבטער אונד איהר מיינע גוטע הערין זענט זיין כלה פאר א בעווייז אז איך בין אייך טריי קען אייך דינען, דאס די גאנצע צייט האבע איך דאריבער קיין ווארט געשפראכען איך וואלט מיר בעסער די צונג אב געריסען איידער איך זאל אייך מיט א ווארט פערראטהען.

**גבריאל:** איך דאנקע אייך גוטער מענש פאר אייער טריי-הייט, אונ מיר וועלען אייך אלעס דינער צונעהמען איהר וועט אויך מיט אונז מיט רייזען.

**יאשקע:** אפילו אונטער דער ערד געה איך מיט אייך.

**גבריאל:** דאס האט איהר ניט נויטיג, מיר וועלען בעסער לעבען אויף דער ערד. פערבלייב אווייל מיט מיין כלה, איך געה אונד קום באלד צוריק. (אב)

**העלענע:** נו, גוטער יאשקע, אט די נאכט האב איך חתונה



**יאשקע:** א ווי גליקליך איך בין, ווען איך וואלט זיך ניט געשעהמט וואהלט איך פאר פרייד געטאנצט.

**העלענע:** פיהלסטו זיך טאקי אזוי גליקליך ווי דו זאגסט:

**יאשקע:** גאט זאל מיר אזוי העלפען, איך בין אזוי גליקליך אז איך וואלט וועלען לעבען אונד שטארבען נאר פאר אייך.

**העלענע:** אונד דו וועסט מיך קיינמאל פערלאזען.

**יאשקע:** אה, ניין!

**העלענע:** דו גוטער יאשקע.

**יאשקע:** (זיפצט) טהייערע הערין.

**העלענע:** וואס זיפצסטו יאשקע, וואס איז?

**יאשקע:** איך וואלט שוין געוואלט דאס וויר זאלען שוין פון דאנען אוועק פאהרען.

**העלענע:** פאר וואס?

**יאשקע:** מיר שרעקט מיין הערץ.

**העלענע:** שרעקט דיך ניכט טרייע נשמה, קיינער ווייס ניט אז איך בין איצט דא אונד נאך דיזע נאכט פערלאזען מיר די שטאט (מען הערט געהן)

**יאשקע:** מיר שיינט דאס עס קומט ווער (אויפטריט זיידעמאן) (זי און יאשקע דערשרעקען זיך)

**זיידעמאן:** הא העלענע אזוי האסטו דיין פאטערס הויז פערלאזען אום דא ביי דעם שענדליכען וואוכערער צו זיין.

**העלענע:** ווי קומסטו דא?!

**זיידעמאן:** איך קום צו דעם פערפלוכטען וואוכערער אום דעם לויטענאנט'ס וועקסלען אוים צו קויפען דען איך האב געהערט דאס ער בלאמירט דעם ארימען לויטענאנט אויף יעדען טריט און שריט, אבער וואס מאכסטו דען דא?

**העלענע:** איך רעכען אז נאכדעם ווי מיר איז צו ענג געווארען ביי דיר אים הויזע צו זיין, בין איך ניכט פערפליכטעט דיר חשבון אב צו געבען ווי איך בין.

**זיידעמאן:** אלזא יונגע, דו געה, איך האבע מיט מיינע טאכטער וואס צו שפרעכען.

**יאשקע:** איך וועל ניט געהן, איך האב מיך פערפליכטעט זי צו היטען, עס דארף קיין האר אויף איהר געריהרט ווערען, איך ווערדע זי מיט מיין בלוט פערטיידיגען.

**זיידעמאן:** אזוי? (גיט איהם אפאטש)

**העלענע:** געה גוטער יאשקע האב קיין מורא ניט.

**יאשקע:** דיינע הענדע זאלען דיר אב גענומען ווערען דו זאלסט קראפירען, דו זאלסט ליגען און קרענקען; (אב)

**זיידעמאן:** נו יעצט וויל איך פון דיר הערען ווי אזוי קומסטו דא אונד וואס מאכסטו ביי דעם שענדליכען וואוכערער ?

**העלענע:** פאטער, איך בעט דיך, היטע דיך דיזען מאן צו בעליידיגען דען ווען דו בעליידיגסט איהם בעליידיגסטו מיך, נאך מעהר דו בעליידיגסט מיינע טוידטע מוטער.

**זיידעמאן:** דו ווייסט אלעס, אלץ האט דיר דער נידער-טרעכטיקער יוד דערצעהלט.

**העלענע:** איך ווייס שוין געוויס אלעס, עס איז די פראגע אויב דו ווייסט אלעס.

**זיידעמאן:** יא, איך פערשטעה דער שלייער איז געפאלען, אונד אלעס איז קלאהר אונ אפען, דער אלטער האט מיך נאך געסטערן געזאגט דאס זיין זוהן געהט הייראטען אידיש מיידעל יא די קליידער . . . דו ביסט אלזא זיין כלה אונד היינט ווילסטו נאך ארץ ישראל פליהען, אפילו אבשייד נעהמען פון דיין אלטען פאטער ווילסטו ניט אה דו טייפעלשעס קינד, בעסער וואלט איך דיך בעגראבען אין איין טאג מיט דיין הארטנעקיגער מוטער.

**העלענע:** פאטער איך בעט דיך, שטער ניט אונזער פריידע אזוי ווי דו נעהמסט ניט קיין אנטהייל אין אונזער טרויער. ווילסטו פון מיר פרידליך פעראבשידען זא געה אהיים, אונד בעפאר איך וועל די שטאדט פערלאזען וועל איך דיך נאך זעהן און מיט דיר רעדען.

**זיידעמאן:** (אפארט) איך וועל מיך אויף א אויגענבליק פארשטעלען, (צו איהר) יא מיין קינד איך וועל אויך מיט דיר ווי א פאטער האנדלען, קום נאך הויזע, אין איך שווער ביי גאט דיר זאל קיין בייזעס געשעהן, פון מיין האנד זאל דיין התן דיך עמפפאנגען.

**העלענע:** מיינסטו דאס ערענסט פאטער, אה, ווי גליקליך דו מאכסט מיך !

**זיידעמאן:** איך שווער דיר ביי דעם אנדענקען פון דיין גוט-זעליגער מוטער אז איך וועל דיך ניט מעהר קרענקען, גלויבע מיר דאס טיעף אין מיין הארצען פיהל איך אליין אויך אז איך האב חרטה וואס איך האב מיך געטויפט, נאר עס איז שוין צו שפעט.

**העלענע:** א ווי זים מיר קלינגען דיינע ווערטער פאטער, ווי הייליג איז מיר דיזע נאכט, מיינע פערשטארבענע מוטער אין הימעל האט געהערט דיינע ווערטער און פארגיבט דיא שווערע זינד וועלכע דוא האסט קעגען איהר בעגאנגען, יעצט פאטער קום נאך הויזע און געדענק אז דו האסט חרטה.

**זיידעמאן:** יא מיין קינד איך האב חרטה, איך האב חרטה (ביידע אב) (אופטריט עדעלמאן גבריאל).

**עדעלמאן:** נא מיין קינד גלייך וועט זיין מיט מזל דיין



חופה דו קריגסט אכלה, שוין ווי אפרינצעסען גוט ווי אמלאך און פרום ווי די הייליגע אמהות, מעגסט צו פרידען זיין מיין קינד.

**גבריאל:** איך בין ניט נאר צו פרידען זאנדערן גליקליך, אבער וואו איז רחל, וואו איז איהר דינער ? (רופט)

**עדעלמאן:** (פון הינטער קוליסען) זיא איז דא אויך ניטא !

**גבריאל:** מיין גאט ! האט ניט אפשר איהר דינער איהר איבערגעגעבען אין די הענד פון איהר פאטער ? (אויפטריט יאשקע)

**יאשקע:** שרעקט אייך ניט, דא איזט קיין בייזעס געשעהן, העלענעס פאטער איז צופעליג אריין צו אייך אין הויזע וועגען וועקסלען וועלכע ער האט געוואלט ביי אייך אוים קויפען דערוויל האט ער איהר דערזעהן, ער האט זעהר שטרענג אנגעפאנגען ער האט אפילו מיר אפאר פעטש געשענקט, נאכדעם האב איך מיך דא הינטער דער טיר געשטעלט און איך האב אלעס גיהערט ער האט געזעהן אז ער וועט מיט איהר גאר ניט מאכען האט ער געמוזט צו שטימען צו דער פארטיע נאר מיט דעם בעדינג דאס איהר אליין זאלט צו איהם קומען זיין טאכטערם האנד בעטען, אונד ער אלם צערטליכער פאטער ווירד זיא אייך אליין איבער געבען, נון יעצט פערלירט קיין צייט און קומט.

**עדעלמאן:** מיין קינד, עפיס שרעקט מיר מיין הערץ איך האב עפיס מורא !

**גבריאל:** בערוהיג דיך פאטער אין קאמפף בין איך אזוי שטארק ווי ער און אפשר נאך שטארקער, אבער איך מיין דאס ער וויל זיין פאטער רעכט בענוצען, דארום פערלאנגט ער דאס איך זאל צו איהם קומען. (אב)

**יאשקע:** ניע באסיא סטאריק. (אב)

**עדעלמאן:** עפיס גלויבט זיך מיר גאר ניט, זיידעמאן זאל פלוצלונג בעשטעהן אויף דעם שידוך, זיידעמאן זאל זיך אין איין אויגען בליק פערענדערן. (אויפטריט זיידעמאן)

**זיידעמאן:** גוטען אבענד עדעלמאן, ענדליך האט אונז דער שיקזאל ווידער פעראייניגט, ענדליך זעגען מיר פריינדע ווילט איהר איערע הענד אוים שטרעקען און מיר פון דעם גאנצען הערצען פערצייהען.

**עדעלמאן:** אויב אייער חרטה קומט פון דעם גאנצען הערצען וועט גאט אליין אייך פערצייהען, פון מיר איז קיין רייד מיר זענען יעצט מחותנים (גיבען זיך ביידע די הענד).

**זיידעמאן:** יעצט איז אלעס פערגעסען בעוויז האט איהר פון מיין פריינדשאפט, איהר האט דאך וועקסלען אויף דעם לויטענאנט זאקס אונד אזוי ווי איהר ווילט אב רייזען זא וויל איך ביי אייך די

וועקסלען אוים קויפען אונד איך באַארעם געלד דערפאַר געבען
איהר קענט דאָך די וועקסלען ניט מיט נעהמען .

**עדעלמאַן :** אָ ניין הער זיידעמאַן, דאָס דאַרפט איהר נישט טהון אין נעגענטהייל איך וועל איך ווייזען אַז איך האָב צו איך צו טרויען, איך וועל איך די וועקסלען אַזוי געבען און איך בין איבער צייגט אַז ווי באַלד איהר וועט ד ם געלד איינקאַסירען וועט איהר עס מיר צו שיקען קיין ארץ ישראל, דען דאָס גאַנצע געלד איז יעצט מיינס ווי אייערס ווייל אַלעס וואָס איך פערמאָג איז דאָך מיין קינדס און מיין קינד איז דאָך יעצט אייער קינד, נאָר וואַרט=זשע אויף אַ ווייַלע איך געה איך די וועקסלען אַריין ברענגען . (אָב)

**זיידעמאַן :** (אַליין) געה דו פעראַכטער, יעצט ווערדע איך מיינע ראַכע זעטיגען דו האָסט מיין קינד גערויבט האָסט קיין מיטלייד מיט מיין פאָטער=הערץ, איך וועל אויך דיין זוהן אַזאַ בלוט=באָד איינהייצען דאָס אַלע ליידען פון גהינם איז אַקינדער שפיעל געגען דעם . דו האָסט מיר מיין קינד גערויבט און איך מוז דיך ערמאָרדען (עס דינערט אין בליצט) .

(אויפטריט עדעלמאַן מיט וועקסלען .)

**זיידעמאַן :** אָ אַזוי גיך האָט איהר זיי געפונען ?

**עדעלמאַן :** ביי מיר ליגט אַלעס אויף זיין פלאַץ דאָ האָט איהר די וועקסלען הער זיידעמאַן, נעהמט זיי איך און בעהאַלט זיי, היינט איז ניט די צייט פון געשעפטען צו רעדען, מיר זענען מחותנים, ביי אונז איז היינט אַשמחה .

**זיידעמאַן :** זעהר רעכט אָבער זעהט הער עדעלמאַן ווי עס בליצט אַזוי שטאַרק .

**עדעלמאַן :** (קוקט זיך אום) אָ עס איז אַ שרעקליכעס וועטער .

**זיידעמאַן :** (שטעכט איהם) שטערבע דו פערפלוכטער .

**עדעלמאַן :** הילפע ! הילפע ! (פאַלט דורך אַ פאָרהאַנג אין צווייטען צימער) .

**זיידעמאַן :** (צו זיך) יעצט שנעל אין דער פאָליציע אונד מיינע זינד זאָל זיין זוהן בעצאָלען . (אָב)

(כאָר, יודען פרויען מיט ליכט חפני פנחס מיט דער חופה) .

צו דער חופה געהן מיר יעצט
צו דער חופה פיהרט מיט בלימעלעך
קרענצע שמוקט זיא יעצט צו דער חופה פיהרט
פרייליך זאָלען מיר טאַנצען מיט אַנאַנד
פרעהליך הויבט די פיסאַלעך אָט אַזוי ,
נאָר פרע ליך זיין אימטער פרעהליך זיין ,
נאָר פרעההליך טאַנצען זאָלען מיר דאָ



יעצט יאָ פרעהליך זאָלען מיר טאַנצען מיט אַנאַנד
נאָר פרעהליך פרעהליך זיין צו דער חופה פיהרט א. ז. ת.

(אויפטריט גבריאל, העלענע, יאַשקע) .

**גבריאל :** ענטשולדיגט מיינע פריינד וואָס מיר האָבען אייך אַ ווייַלע געלאָזט וואַרטען מיר מוזען נאָך אַ ווייַלע וואַרטען דאַן געהן מיר צו דער חופה

**איינער :** וואו זענען די מחותנים ?

**הפני :** וועלכע מחותנים, דער ווייל קענען מיר איינעם .

**פנחס :** דער אַנדערער איז דאָך האָט קיין פעראיביל ניט .

**הפני :** אַבירה האָט ער .

**פנחס :** טאַקע אַזוי .

**גבריאל :** גאָט צו דאַנק אַלעס האָט זיך גוט גיענדיגט, דער פאָטער פון מיינע ליעבע כלה האָט שוין זיין איינווילינגונג געגעבען, און ער וועט באַלד זיין אום מיט מיינען פאָטער גוט צו ווערען .

**הפני :** אויב אַזוי וועט דאָך די שמחה זיין פערפילט .

**פנחס :** אָבער פאַר וואָס קלויבען זיי זיך אַזוי לאַנג ?

**יאשקע :** חאַפט ניט, פון געחאַפטע זאַכען קומט קיין גיטס אַרוים .

**הפני :** אַבירה האָב איך .

**פנחס :** טאַקע אַזוי . (אויפטריט זיידעמאַן)

**גבריאל :** איך האָב די עהרע אייך פאָר צו שטעלען דעם פאָטער פון מיין כלה, דער מיליאָנער אַנטאָן זיידעמאַן .

**אללע :** מזל טוב ! מזל טוב !

**זיידעמאַן :** עס פרעהט מיך זעהר, נאָך אַזוי פיעל יאָהרען ווידער אונטער מיינע גלויבענס=ברידער צו זיין, איך קעהר מיך אום צו גאָט און צו זיין פאָלק ישראל בתשובה שלימה .

**הפני :** אויב אַזוי נאַט=זשע איך שלום עליכם, כל ישראל חברים.

**פנחס** טאַקע אַזוי, אַציגד פעהלט נאָר דער צווייטער מחותן און ער וועט מסתמא באַלד קומען .

**זיידעמאַן :** מיינע פריינד בעפאָר מיר געהן צו דער חופה וויל איך אייך עטוואַס זאָגען, מעגליך דאָס מען וועט אין דער מהיר קלאַפען ווען מיר דאָ שטעהן אָדער בעהיטע גאָט, פיליַיכט ערפאָהרט די פאָליציי, דאָס אַקריסטין נעהט הייראַטהען פאַר אַ אידען און וועט אונז איבער פאַלען, דרום וויל איך דאָס ביים קלענסטען געריש זאָל יאַשקע מיט דער כלה דורך די גערטנער אַנטלויפען, ניט שליסט צו די טירען, אָבער וואו בלייבט דער הערר עדעלמאַן, פיליַיכט וויל ער נאָר קיין פרידען שליסען און איז געגען דער פאַרטיי .

**גבריאל :** אָ ניין, מיין פאָטער ווינשט עס פון גאַנצען הערצען .

**חפני:** לאָמיר דער ווייל מאַכען אַ אֵל מלא רחמים נאָך דער כלה'ס מוטער

**גבריאל:** אָניין אָהן מיין פאָטער דאַרף דאָס ניט געשעהן (מען קלאַפּט)

**זיידעמאַן:** יאַשקע שנעל (שטאַרקער געֶרודער) (יאַשקע פערשווינדט מיט העלענע, עס ווערט אוים־ געלאָשען די ליכט גבריאל עפענט די טיר, פריסטאַוו מיט סאָלדאַטען קומען אַריין)

**אלע:** די פּאָליציי!

**זיידעמאַן:** (אַפּאַרט) זיי קומען צו דער רעכטער צייט.

**פריסטאַוו:** ענטשולדיגען זי מיינע העררען, דאָ ניט לאַנג האָט מען אונז געמעלדעט דאָס איין מאַן איז אונזיכער מיט זיין לעבען ווייל זיין זאָהן דראָהט איהם צו ערמאָרדען, אונד דאַרום אום דאָס אונגליק צו פערמיידען וועלען מיר דעם זאָהן פער האַפטען הייסען זי גבריאל ערעלמאַן?

**גבריאל:** איך בין עס.

**פריסטאַוו:** איהר זענט איין געפאַנגענער, איך וועל אייך נאָך דיזעס טהוען אימפּאַלם אייער פאָטער זאָל מינדליך צוריק ציהען דאַן זענט איהר פריי.

**גבריאל:** ליידער איז ער נישטאָ, אָבער איך דענקע ער קומט גלייך.

**פריסטאַוו:** דערווייל וועלען מיר אייך אונטער־זוכען אז מיר וועלען דאָ וואָס עס איז פערדעכטיגעס געפונען זענט איהר אַגעפאַנגענער. (פּאָליציי זוכט און ענטדעקט דעם מאָרד אין 2־טען צימער)

**איינער:** מיינע העררן אַ מאָרד! אַ מאָרד איז דאָ געשעהן.

**אלע:** אָה! איין מאָרד!?

**פריסטאַוו:** (אויף גבריאלן) האַלט איהם פעסט

**אלע:** ר' יעקב איידעלמאַן טויט. (מען טראָגט איהם ארויס)

**גבריאל:** אַלמעכטיגער גאָט וואָס מוז איך זעהן מיין פאָטער איז טויט.

**זיידעמאַן:** אַ ליבער העטע איך 10 יאָהר פון מיינעם לעבען פערלאָרען בעפאָר דיזעס צו זעהן.

**גבריאל:** (פערוויינט) וואָס איז דאָ? וואָס געהט דאָ פאָר? בין איך משוגע אָדער די גאַנצע וועלט, איך האָב געהרגעט מיין ליבען פאָטער!?

**זיידעמאַן:** אָבער הער פריסטאַוו, אפשר האָט איהם ווער עס איז ערמאָרדעט און זיין זוהן איזט גאָר אומשולדיג.

**פריסטאַוו:** אומשולדיג אייער רעכטשאַפענהייט לאָזט אייך ניט זאָ וואָס אויף איינעם מענשען צוגלויבען, ווייר פּאָליציי זענען



אָבער שוין גוט איבערציינגט אַז מען קען זיך פערשטעלען. אין געפענגניס מיט איהם אין געפענגניס.

**גבריאל:** דאָס איז מיין האָכצייטס־נאַכט אַזוי האָט זיך מיין פריידענס־אָבענד געענדיגט, יעצט בלייב איך אָהנע מוטער אָהנע פאָטער אָהנע מיינע געליבטע, אין גיפענגניס געהן, וועק מיט מיינע חתונה־קליידער, איך בין איצט אַ אָבל (וואַרפט פון זיך אַראָב אַראָק, רייסט קריעה, מען בינדט איהם).

פאָרהאַנג

## דריטער אקט.

(אין טיורמע אויפטריט אסיף).

**אסיף:** נון ענדליך וועל איך אַביסל פרייער אָטעמען, מאָרגען ווער איך פון איהם לויז, און איך וועל מיר קענען אָב רוהען אַביסל אַקליינינגקייט אַזאַ מערדער, אַ אייגענעם פאָטער צו הרגענען, ווען איך דערלאַנג איהם דאָס עסין, האַלט איך דעם רעוואָלווער פאַר די אויגען, אָך ווי ביטער איז צו זיין איין קערקער וועכטער (מען קלאַפּט) ווער איז דאָרט?

**זיידעמאַן:** (הינטער די קוליסען) אַנטאָן זיידעמאַן, וועלכען איהר האָט פערשפּראָכען אַריין צו לאָזען.

**אסיף:** אַ דאָ וועט שוין זיין אַפאָר רובל זאָ פאָרט (עפענט). (אויפטריט זיידעמאַן און זאַקס)

**זיידעמאַן:** (גיט געלד) גוט נאַכענד פריינד, נון פיהר מיר דעם מערדער אַריין, איך וויל מיט איהם איין אויגען בליק ריידען דאַן געהן מיר.

**אסיף:** ניין, ניין הערר, אַזוי ביליג מאַך איך עס ניכט איהר מוזט עפּיס דערלייגען.

**זיידעמאַן:** צום טייפעל נאָך געלד, אונד ווידער געלד, דאָ האָט איהר געלד אונד ברענגט מיר דען מערדער אַריין.

**אסיף:** שוין, גוט (אָב)

**זאַקס:** נון פריינד, זאָגט מיר וואָס מיינט איהר יעצט צו טהון מיט איהם? פון דעם בריף וואָס איהרע טאָכטער שרייבט איז צו זעהן דאָס זיא איז איבערציינגט אין זיין אונשולד דאַרום פאַלס ער ווירד מאָרגען פעראורטיילט איז גוט, זאָל ער אָבער בעפרייעט ווערדען, דאַן איז זי פיר מיר זיכער פערלאָרען, זי וועט מיט

איהם נאך פאלעסטינא פליהען אונד מיינע האפפענונגען זעגען צו ניכט'ס.

**זיידעמאן:** ניין, זאג איך! ניין, ער זאל ניכט מעהר פריי ווערדען, ביי מיין לעבען שווער איך עס.

**זאקס:** וואס מיינט איהר אלזא מיט איהם צו טהון?

**זיידעמאן:** איך האב שוין זעהר א גוטען פלאן אויסגע־טראכט, איך וועל איהם ערקלעהרען אז מיין טאכטער אליין האט בעגאנגען דעם מארד, און דא וועל איך איהם ערקלעהרען דאס מיין טאכטער איז טוידט, ווארום זאלען מיר ניט די גאנצע שולד אויף איהר ארויף־ווארפען, דארום וועל איך איהם ערקלעהרען דאס מיר ווילען מאכען א אבשיידסבריף פון מיין טאכטער אין וועלכער זי זאל זיך אויסגעבען אלם מערדערין פון זיין פאטער, דיזען בריעף וועל איך נאטירליך איהם צו פעלשען געבען און אז ער וועט עס טהון, איז ער שוין פערפאלען. איז דער פלאן ניכט גוט?

**זאקס:** מערקווירדיג, אזוי וואס וואלט איך קיינמאל ניט אויסגעארבייט דערצו דארף מען האבען א מיניסטער קאפ.

**זיידעמאן:** ער מוס נאך סיביר געהן און איהר וועט מיין אידעם ווערען.

**זאקס:** איך דאנקע, איך דאנקע פאטער!

**זיידעמאן:** נא מיין קינד, נא דיר דיינע וועקסלען, דיין נאמען דארף דיר קיינער פערשמוצען, נעהם עס דיר!

**זאקס:** אך ווי גוט איהר זייט, איך וועל אייך גערענקען אייביג.

**זיידעמאן:** יעצט געה, אויפסווידערזעהן, מיין זאהן, מארגען זאלסטו פאר דעם געריכט ערשיינען און ערקלערן דאס דער בריף איז אפאלשער דאס מיין טאכטער לעבט, אבער נאר צור צייט.

**זאקס:** אויפסווידערזעהן פאטער, אויפסווידערזעהן. (אב אויפטריט אסיפ).

**אסיפ:** דער געפאנגענער וועט באלד זיין, אבער פריהער מוזט איהר מיט אונזער פארגעזעצטען רעדען.

**זיידעמאן:** (אפארט) איא דאס שמעקט שוין ווידער מיט געלד, גוט איך געה (ביידע אב) אויפטריט גבריאל.

**גבריאל:** ווי שטיל דא איז, די שטורמע איז ווי איין געשלאפען, די מידע רוהען, און דער ליידענדער פערגעסט אן זיינע צרות, דא אין דער איינזאמקייט אין די טרויריגע שטונדען מיינער געפאנגענשאפט ערמאנערט מיך די אייביגע פראגע, פאר וואס דער גוטער ליידעט און דער שלעכטער לעבט און לאכט.

(אויפטריט זיידעמאן)



**זיידעמאן:** גבריאל דו ביסט עס? גאט, איך ערקענע דיך ניט מעהר.

**גבריאל:** איהר ערקענט מיך ניט מעהר? ניין? און ווי זאלט איהר מיר אייגענטליך ערקענען, בין איך דען ניט אלם א געמיינער פאטער־מערדער אנגעקלאגט? בין איך ניט דער אונ־גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט? אה! וואו נעהם איך דעם שורקע וועלכער האט אויף מיר דיזעם אומגליק געבראכט? מיט מיינע אייגענע הענד וואלט איך איהם ערשטיקט, איהר מיינט אז דאס איז מיין געפענגניס? אה ניין, מיין געפענגניס איז גרויס, ווי די גאנצע וועלט, מיינע קייטען זענען ענג אונד שווער ווי מיין הערץ, מיין פאטער איז טוידט, מיינע געליבטע איז א זעלבסט מארד בעגאנגען, אה ווער איז נאך פון דעם שיקזאל אזוי שרעקליך, ביטער געשטראפט ווי איך?

**זיידעמאן:** פערצווייפעל ניכט מיין זוהן! ווען דו האסט דיינע געליבטע אנגעווארען און דיין פאטער לעבט ניט מעהר וויל איך דיין פאטער זיין קום אהער מיין ליעבער גבריאל, איך וויל מיט דיר אפאר ווערטער רעדען איבער דיין בעפרייאונג.

**גבריאל:** לאמיר ניט רעדען פון בעפרייאונג, איך בין נור דאן פריי ווען קיינער שטערט מיר ניט אין מיינע צרות, ווען מיינע טרעהרען רינען אונגעשטערט, פאר מיר איז דער קערקער דער בעסטער פלאץ.

**זיידעמאן:** ניין, גבריאל! רעד נישט אזוי דו ביסט יונג, דו מוסט מיינעט וועגען גערעטעט זיין, דען איך האב ניט קיין זוהן און קיינע טאכטער, וועלכע זאלען מיר ירשנען, דו ביסט מיר אלם זיסער אנדענקען פון מיין גוט קינד געבליבען; דו מוסט פריי זיין, אום מיר מיינע אלטע יאהרען צו פערזיסען, צו זאמען וועלען מיר גלייך נאך דיין בעפרייאונג נאך ארץ ישראל פאהרען.

**גבריאל:** ווי אזוי זאל איך מיך רעטען?

**זיידעמאן:** עס איז אפילו שווער דאס צו טהון, אבער מיר זענען גענויט עס צו טהון, די געפאהר איז נאהנט; הער מיך איין, מיין קינד, מעגליך זעהר מעגליך דאס מיין קינד'ס זעלבסט־מארד זאל דיך פון גיפענגניס רעטען, און מיין פלאן איז אזו: נאך דעם ווי העלענע איז סיי ווי סיי טוידט פאר וואס זאלען מיר די גאנצע שולד אויף איהר ניט ווארפען? די פאליציי בעדארף נאר פון איהר א לעצטעם שרייבען, א בריף האבען, אין וועלכען זי זאל זיך ערקלערען אלם די מערדערין און אום זיך פון דעם פערדינ־טער שטראף צו פערהיטען און דער אונשולדיגער זאל פריי ווערען,

נעהמט זי זיך אַליין דאָס לעבען, די פּאָליציי וועט אַזאַ בריעף זיכער גלויבען, אונד מאָרגען ביסטו פריי.

**גבריאל:** דערפאַר וואָס איך וועל זיך מיט דיזען בריעף רעטען מוז איך דאָך אָבער מיינע געליבטע רחל, שולדיג מאַכען, דאָס קען איך ניט און דאָס וויל איך ניט טהון.

**זיידעמאַן:** גבריאל בעדענק דיך, באלד איז טאָג מען וועט דיך פאַר דיינע שטרענגע ריכטער ברענגען, מען וועט דיך פאַר־משפטן און דו ביסט אויף אייביג פערלאָרען, רעטע זיך ווי לאַנג עס איז דאָ צייט און דאַן אַז דו וועסט פריי זיין וועלען מיר אַלע מיהע צולעגען דען אמת'ן מערדער צו געפינען, אום נאַכהער די שולד פון דיינע געליבטע אָראָב־צונעהמען.

**גבריאל:** יאָ איהר האָט רעכט ווען איך וועל פריי זיין וועל איך דעם אמת'ן מערדער קענען געפינען און די אונשולד פון מיינע געליבטע וועט בעוויזען ווערען, גוט, גוט, איך בין בערייט עס צו טהון, איך קען איהרע האַנדשריפט זעהר גוט זי פלעגט מאַנכעס מאָל שטוינען ווי גוט איך מאַך נאָך איהר האַנדשריפט.

(זיידעמאַן גיעט איהם טינט און פעדער, פּאַפּיער)

**זיידעמאַן:** (דיקטירט) שרייב געליעבטער פאָטער! יעצט אין דער צייט ווען איך בערייט זיך פון דער וועלט צו שיידען, געשטעהע איך, דאָס דער אָרימער גבריאל איז אונשולדיג, ניט ער, זאָנדערען איך האָב דעם שרעקליכען מאָרד בעגאַנגען, אַלע וויסען דאָס דער ערמאָרדערטער האָט געהאַט וועקסלען אויף מיין חתן זאַקס און איך האָבע איינינע מאָל צו דעם וואוכערער זיך געווענדעט דאָס ער זאָל מיר די וועקסלען איבער געבען, דער אַלטער וואוכערער האָט עס מיר ענטזאָגט, און אין איין געוויסען אָבענד בשעת ער האָט מיך נאָך בעליידיגט דאַמאָלס האָט זיך מיינע יוגענד צו היצט און איך האָב איהם מיט אַמעסער געשטאָכען — שרייב, שרייב!

**גבריאל:** אָבער אום גאָטעס ווילען, עס איז דאָך אַ ליגען!

**זיידעמאַן:** מיר מוזען דאָס אָבער טהון כדי דיך צו רעטען — שרייב, „און אַזוי ווי אַ אונשולדיגער מענש ליידט איצט איבער מיר, האָב איך זיך בעשלאָסען זיך דאָס לעבען צו נעהמען דאַמיט דער אונשולדיגער זאָל פריי ווערדען" — שרייב אונטער איהר נאָמען — העלענע זיידעמאַן. יעצט גיב מיר דיזען בריעף און מאָרגען צייגע איך איהם פאַר די ריכטער דו וועסט שוין זיכער פריי ווערען (לייגט דעם בריף אין קעשענע. אַפּאַרט) דער בריעף איז פאַר מיר מיליאָנען ווערט, לעבע וואָהל גבריאל!

**גבריאל:** (חאַפּט זיך אויף פון זיינע געדאַנקען, חאַפּט אַ רויס דעם בריף ביי זיידעמאַן) ניין, ניין! טויזענד מאָהל ניין! דעם



בריף בעקומסטו ניט, בעסער געהע איך נאָך סיביר, בעסער אין דער העלע, אָבער מיינע רחל זאָל ניט פערשולדיגט ווערען! ניין, ניין, זאָג איך און טויזענד מאָל ניין! (צו רייסט דעם בריעף און האַלט איהם אין דער הויך). גאָט, איך דאַנקע דיר מיין רחל'ס עהרע איז געראַטעט (אָב פאָרהאַנג).

(פערוואַנדלונג צימער ביי זיידעמאַן זיידעמאַן, טעאָפעלאַ, לייענט אַ צייטונג).

**טעאָפעלא:** אָ די פערפלוכטע צייטונגען, זיי הערען גאָר ניט אויף צו שרייבען וועגען דעם פאָרפאַל מיט דעם יודען ערעלמאַן און דער־ביי ווערט יעדעס מאָל אונזער נאָמען מיט שפּאָט ערואינערט, אַנטאָן זיידעמאַנס טאָכטער האָט אַ יודישען ליב־האָבער און דערצו נאָך אַ פאָטער מערדער, אָ ווי שרעקליך עס איז, די גאַנצע שטאָדט רעדט יעצט פון אונז מע וויל אונז אין גאַנצען פון דער קריסטליכער געזעלשאַפט אויס שליסען, אונד אַלץ צו ליעב אונזער טאָכטער נאָר זי איז דאַרין שולדיג. וואו איז זי יעצט? וואו טרייבט זי זיך יעצט אַרום, אָ איך וויים זי איז געוויס אויך ניט ריין פון דעם מאָרד, זי איז דעריבער פון דער שטאָדט אַנטלאָפען דער מיט די שטראָף זאָל אויך איהר ניט דערגרייכען, אָבער מיר זענען סיי ווי סיי בלאַמירט, אין אַלע בלעטער הייסט עס, אַז אַנטאָן זיידענמאַנ'ס טאָכטער האָט זיך אַ יודישען חתן אויס־געזיכט און דערזעלבער איז אַ פאָטער־מערדער אָ, שאַנדע!

**זיידעמאַן:** גענוג, גענוג דערמאַן מיר ניט איהר נאָמען, מיין קאָפּ איז מיר אַזוי שווער, מאָרגען איז שוין דער פּראָצעס מען וועט מיך געוויס פאַר אַ עדות פאָררופען. אָה איך וועל מיך שוין די גרעסטע מיהע געבען, דאָס ער זאָל אויף אייביג נאָך סיביר אַוועק געשיקט ווערען, געה און לאָז מיך אַליין.

**טעאָפעלא:** גוט, אָבער ווייס מיין מאַן, דאָס ווען דער מערדער זאָל אַרוים פריי דאַן וועט דיין טאָכטער זיינע פרוי ווערען און מיר זענען אויף אייביג בלאַמירט! (אָב)

**זיידעמאַן:** (אַליין) ער דאַרף ניט אונד וועט ניט פריי ווערדען, מיט'ן בריף איז מיר אפילו ניט געלונגען דאָך האָט די פּאָליציי גענוג בעווייזע, דאָס ער דער מערדער איז. (אויפטריט דינער)

**דינער:** צוויי יודין בעטען אריין־לאָזען

**זיידעמאַן:** זאָלען זיי אַריין־קומען. (דינער אָב)

(אָפטריט חפני, פנחס)

**זיידעמאַן:** גוט וואָס איהר זענט געקומען, עס וועט מיר פרייען דאָס איהר וועט פון אונגליק געראַטעט ווערדען

**פנחס:** וועה איז מיר ניט, וואָס איז דאָס פאַר אַ אונגליק?

**זיידעמאַן**: אַ גרויס אונגליק, מײַנע פרײַנד, יעצט זעה איך אַז ווען מען גאָט שטראָפט דער פאַרדיענט דאָס עהרליך, גבריאל איז ווערט ער זאָל נאָך מעהר לײַדען ווי ער לײַדעט יעצט, ווי איך האָב געהערט וויל ער זיך דורך זײַנע אַדוואָקאַטען זעהר שענדליך פערטײדיגען עס הייסט אַזוי ווי איהר זײַט פרומע לײַט האָט עס אײַך זעהר שטאַרק פערדראָסען פאַר וואָס ר' יעקב עדעלמאַן ערלויבט זײַן זוהן מיט אַקריסטען חתונה צו האָבין און איהר האָט איהם דעריבער געהרגעט.

**חפני**: דו הערסט פיניע?

**פנחס**: נו, וואָס זאָגסטו?

**זיידעמאַן**: אײַזולען וואָס איהר זענט, איהר שרעקט אײַך גאָר ניט?

**חפני**: הייסט עס אַז מיר זאָלען זיך שרעקען פאַר שקר-בילבול.

**פנחס**: און מיר גלויבען ניט אַז אַ יוד וואָס האָט גאָט אין הארצען זאָל אויף אונז אויס-טראַכטען שלעכטס.

**זיידעמאַן**: אָבער מיר רעדען דאָך פון אַ מערדער.

**חפני**: זאָל גאָט שומר און מציל זײַן.

**ביידע**: פריץ לעבען! גלויבט איהר אַז גבריאל איז אַמערדער?! פע, פע.

**זיידעמאַן**: נו, יאָ איך מוס דאָך גלויבען, איהר זעהט דאָך אַז די פּאָליצײַ האַלט איהם פאַר דעם מערדער און יעצט זוכט ער אויף אײַך די שולד אַרויף צוואַרפען.

**חפני**: הייסט עס אַז מיר איז אפשר בעשערט צו שטאַרבען על קדוש השם אַברירה האָב איך.

**פנחס**: נו טאַקע אַזוי, מְלַמֵד! איהם גליסט זיך גאָר קדוש השם איך זאָג דיר ער איז אַיונגאַטש אַ אַפּיקורוס, אַ מצוה אויף איהם

**ביידע**: פריץ לעבען ראַטעוועט אונז מיר ווילען ניט שטאַרבען על קידוש השם

**זיידעמאַן**: אַלזאָ גוט איך האָב אַ גוט מיטעל, איהר מוזט פריהער געגען איס אַרויס-טרעטען דען קוים וועט ער פריהער געגען אײַך אַרויס טרעטען, דאַן ווירד שוין אײַער עדות ניט העלפען.

**חפני** · פערשטעהט זיך.

**פנחס**: ווער עס שטעכט, דער בלײַבט גערעכט

**חפני**: דערפאַר מוזען מיר איהם אַרײַן לײַגען אין ד'רערד

**פנחס**: אַז ער זאָל ניט דער לעבען קײַן תחיית המתים אויף צו שטעהן.

**חפני**: אַ ברירה האָב איך?

**פנחס**: טאַקי אַזוי, אָבער פון וואַנען ווײס איך אַז ער וויל אויף מיר מאַכען אַבילבול



**חפני**: אָטו בשופטנא עסקינן ענטפערט די גמרא הבא להורגו השכם להורגו אַז ער וויל דיך אַוועק לייגען, לײַג איס בעצײַטענס אין ד'רערד אַרײַן.

**פנחס**: אַברירה האָב איך!!

**חפני**: טאַקע אַזוי.

**זיידעמאַן**: וואָס פלאַפּעלט איהר מיט געמאַרע (גמרא), קאַטאָרע איך פערשטעה קײַן וואָרט איך וואָרנע אײַך איהר זאָלט אײַך רעטען, זאָ לאַנג איהר האָט נאָך צײַט.

**חפני**: אוי וועה הרגיט ער די עברי.

**פנחס**: עס איז קײַן וואונדער ניט, ער איז שוין אַזוי לאַנג אַ משומד.

**חפני**: איהר האָט רעכט פריץ לעבען ביז איצט האָבען מיר גערעדט אויב מיר מעגען אדער נישט אַרויס טרעטען קעגען איהם.

**פנחס**: איצט וועלען מיר אײַך פרעגען מה משפטינו, וואָס זאָלען מיר טהון!

**זיידעמאַן**: איהר האָט צו טהון גאָר אַ קלייניגקייט ווען מע וועט אײַך פאָר-רופען און פרעגען וואָס איהר ווייסט, זאָלט איהר ערקלעהרען דאָס איהר אַליין האָט געהערט ווי פאָטער אונד זאָהן פלעגען זיך אימער קריגען, פלעגט גבריאל זאָגען דאָס ער ווינשט פון זײַן טאַטען לויז ווערען, אום ער זאָל מיט זײַן געליבטער קענען חתונה האָבען און די גאַנצע ערבשאַפט אין זײַנע הענד צו בעקומען, דיזעס און נאָך עהנליכעס האָט איהר געהערט, נאָר אין דיזען פאַלל קענט איהר אײַך רעטען, יעצט וויל איך זעהן ווי אַזוי איהר וועט ריידען פאַר דעם געריכט, שטעלט אײַך פאָר אַז איך בין דער ריכטער, און גיב אַנגעשריי, הערען חפני און פנחס וואָס ווייסט איהר צו זאָגען?

**פנחס**: פון וואַנען זאָלען מיר וויסען?

**חפני**: אַדוני ריכטער, איך און מײַן שותף פנחס זענען אין גרויס סכנות נפשות.

**פנחס**: מיר האָבען מורא אַז דער מערדער זאָל אויף אונז קײַן בילבול ניט מאַכען.

**חפני** דעריבער איז דער דין ווי די גמרא זאָגט...

**ביידע**: האָט ער, זיידעמאַן אונז געהייסען זאָגען אַז מיר האָבען געזעהן ווי דער טאַטע מיט דעם זוהן...

**זיידעמאַן**: שווייגט, זאָג איך אײַך נאָך אַ וואָרט און איך דערשטיק אײַך, איהר דאַרפט מײַן נאָמען ניט דערמאַנען איהר מוזט בעהויפּטען דאָס איהר האָט געזעהן, איהר האָט געהערט, איהר האָט פערשטאַנען אַז איהר דענקט, קורץ אַלעס איהר, און איך גאָר ניט.

**חפני**: מצד השכל איז דאָס רעכט.

**פנחס:** מיר מוזען ביידע צו געהן צום עמוד אין בית המשפט.

**חפני:** און זאגען די ריכטער אז מיר וועלען זיי וויזען אפארמע ווי אזוי דער טאטע מיט דעם זוהן פלעגען זיך ביידע קריגען.

**זיידעמאן:** זעהן זי הערר חפני פערשטעהט מיך, אלזא ווייזט מיר נאר ווי עס וועט פאר־קומען.

**פנחס:** נא הויב אן, אוי איז ער כמר פערפארען אין די קרישזעס נא וואס וועסטו זיין חפני, איך וועל זיין דער טאטע.

**חפני:** נא וועל איך זיין דער סינאק, נא הייב אן וועך אין כעס

**פנחס:** גבריאל, גבריאל! דו זאלסט זיך ארויס שלאגען די נארישקייט פון קאפ

**חפני:** קיין מאל ניט טאטע, איך וועל מיין ליבע צו העלענען קיין מאל ניט פערגעסען

**פנחס:** איך זאג דיר אז דו מוסט, איך וועל דיך ארויס יאגען פון מיין הויז, איך וועל דיר מעביר נחלה זיין

**חפני:** איך וועל שוין געפינען אמיטעל צו דיר

**פנחס:** בן סורר ומורה איך וועל דיך פערשטויסען, ארויס פון מיין הויז דו גוי איינער

**חפני:** טאטע דו זאלסט מיך ניט ארויין־ברענגען אין כעס, ווארום איך גייע ארויס פון די כלים

**פנחס:** וואס? קעגען א אייגענעם טאטען ווילסטו הויבען די האנד, דו יונגאטש איך וועל שרייען פאר די גאנצע וועלט, אז מיין זוהן וויל זיך שמד'ן, צו אלדע שווארצע יאהר

**חפני:** טאטע פארמאך דאם מויל

**פנחס:** שייגאץ, איך מוז דיר איצט ווייזען ווער עלטער איז (וויל אים שלאגען)

**חפני:** היט דיך איך וועל דיך שיסען איך וועל דיך בייסען איך וועל דיך שטעכען, לאז מיר אב.

**פנחס** דו וועסט שוין קיין לעבעדיגער פון מיינע הענד ניט ארויס

**חפני:** טאטע, טאטע אוועק (שטעכט אים כלוטר'שט)

**פנחס:** איך שטארב איך חאליש

**חפני:** (קוקט זיך אים) ער איז טויט, טאטע שטעה אויף. אוי ער איז שוין טוידט איך בין זיין מערדער, בינד מיך מיט שטריק, קוילעט מיך מיט שטעקינס, שלעפט מיך, איך בין זיין מערדער, איך בין אמענשען־שטעכער, אוי ווער טאטע הארציגער פאטער (פויזע) פנחס קענסט שוין אויף שטעהן.

**פנחס:** איך דענק אז מצד השכל דארף אזוי גוט זיין

**חפני:** די ריכטער וועלען שוין פערשטעהן דעם גאנצען ענין

**פנחס** און מיר וועלען ב"ה ארויס נקי.



**ביידע:** אבער ווי גיפעלט אייך אונזער שפיל הערר זיידעמאן?

**זיידעמאן:** פארטרעפליך וויפיעל טאלענט גייען עס אונטער. ביי קריסטען וואלט איהר געגאלטען פאר די בעסטע שוישפילער

**פנחס:** וואס איז דאס אזוינס?

**זיידעמאן:** איהר וואלט געשפיעלט אין טעאטר

**חפני:** אמציאה אגרויסע, איך בין גאנץ צו פרידען מיט דער פושקע

**פנחס:** און איך אויך. בכן אדוני פריץ ווען דער יום הדין וועט זיין וועלען מיר קומען צו אייך

**ביידע:** איך דאנק פאר דעם חסד וואס איהר האט אונז מציל געוועזען פון סכנות נפשות

**זיידעמאן:** (גיט זיי געלד) גייט און פרידען און בעט גאט דער מארדיגער טאג זאל קיין בייזעס פיר אונז ברענגען, געהט און מעלדעט אייך צור צייט אין געריכט

**פנחס:** געווים געווים מיר וועלען דאוונען מיט דעם ערשטען מנין.

**ביידע:** זייט געזונד און שטארק

**חפני:** אברירה האבען מיר!!

**פנחס:** טאקע אזוי. (ביידע אב פארהאנג פאלט)

(פערוואנדלונג. דאס געריכט, טישען מיט גרין טוך איבער נעדעקט ביכער, שרייב־געציינג, פערדסיעדאטעל, ריכטער, פרויען מענער זיצען פאליציי.

**פרעזעס:** איך ערקלער די זיצונג פערעפענט מיינע הערען, עס געהט דער פראצעס פון גבריאל עדעלמאן, וועלכער איז אנגעקלאגט וועגען מארד (צום דינער) ברענג אריין דעם אנגעקלאגטען. (עס גישעהט)

**פרעזעס:** (צו גבריאל) ווי איז אייער נאמען?

**גבריאל:** גבריאל עדעלמאן!

**פרעזעס:** ווי אלט זענט איהר?

**גבריאל:** 22 יאהר

**פרעזעס:** פערהייראטהעט אדער ניכט?

**גבריאל:** ניין.

**פרעזעס:** האבען זי א אדוואקאט?

**גבריאל:** איך האב קיין געלעגענהייט געהאט מיך מיט א אדוואקאט צו בעזארגען אבער דער גאווערנער האט מיר בעשטימט

אַ געוויסען אַלעקסאַנדראָוו איך גלויבע דאָ קומט ער . (אויפטריט אַדוואָקאַט , העלענע פאַרמאַסקירט) .

**פרעזעס :** די פערהאַנדלונג בעגינט , (לעזט) אין דער נאַכט פון 11־טען סעמפטעמבער 1865 האָט דיא פאָליציי פון דיזער שטאָדט נאַכריכט ערהאַלטען דאָס אין הויז פון יעקב עדעלמאַן קומט אָפט מאָל פאַר שטרייטונגען צווישען פאָטער און זאָהן , די אורזאַכע דערפון איז אַ ליבעס פערהעלטעניס פון גבריאל עדעלמאַנס צו אַקריסטליך מיידעל, צו וועלכע דער פאָטער איז ניט צו פרידען געוועזען , דער זאָהן זאָל דעם פאָטער מעהרערע מאָל געזאָגט האָבען אַז אין פאַל ווען ער וועט איהם אין זיינע ליבע שטערען וועט ער איהם הרגענען און ענדליך וואַר עס אויך דער פאַל , דער אַלטער יעקב עדעלמאַן איז אין זיינער וואָהנונג געשטאָכען געפונען געוואָרען אונד גראַד צור זעלבער צייט ווען זיין זאָהן האָט געזאָלט חתונה האַבען , און ווי עס זעהט אויס, האָט דער זאָהן אום יעדער געפאַהר צו ענטקומען בעאבזיכטיגט אין דער זעלבער האָכצייטס נאַכט די שטאָדט צו פערלאָזען , און נאָך פאַלעסטינא צו פאָהרען , דאַמיט ער זאָל פריי פון דעם פערברעכען זיין . אָנגעקלאָגטער בעקענען זיי זיך שולדיג ?

**גבריאל :** ניין !

**פרעזעס :** (צום אַדוואָקאַט זייט איהר פערטיג מיט אייערע בעווייזע אום פאַרענטפערען צו קענען .

**אדוואקאט :** איך גלויבע דאָס יאָ , איך מעכטע אָבער נערנע זעהן דאָס די עדות זאָלען צום ערשט פאָרגענומען ווערען , און דאַן וועל איך פאָרלייגען מיינע עדות אויסצוהערען .

**פראָקוראָר :** איך גלויבע דאָס אונזער זייטע איז אפילו באַלד איבריג פאָרצורופען נאָך עדות, דען די זאַך איז שוין צו קלאָר אַז דער זוהן האָט ערמאָרדעט דעם פאָטער , ער וועט עס אויך שוין ניט לייקענען פון דעסטוועגען קען מען די עדות פאַרנעהמען .

**פרעזעס :** ווער זענען אַלזאָ אייערע עדות ?

**פראָקוראָר :** מיינע עדות זענען הער חפני בעלאַוויצקע אונד הער פנחס סטריצקע, דאַן קומט דער וויכטיגער עדות הער אַנטאָן זיידעמאַן .

**פרעזעס :** (רופט אוים) חפני בעלאָוויצקע (ער קומט) ווי הייסען זי ?

**חפני :** חפני בעלאָוויצקע

**פרעזעס :** ווי אַלט ?

**חפני :** וויפיל יאָהר איך בין אַלט ? שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה 18

**פרעזעס :** דאָס הייסט 18 יאָהר , זינד זי פערהייראַטהעט ·



**חפני :** מען בּאָרגט אויף ראַטעס !

**פרעזעס :** האָבען זי שוין חתונה געהאַט ?

**חפני :** איך דאַרף

**פרעזעס :** וואָס ווייסט איהר פון דעם היינטיגען פראָצעס ?

**חפני :** וואָס איך וויים ? פיניע ! פיניע ! פיניע !

**פרעזעס :** רעדען זי דאָך !

**חפני :** פערשטעהט איהר מיך , איך האָב מיך מסדר געוועזען מיט מיין פנחס'ן און אַז ער איז נישטאָ קען איך אַיך ניט געבען צו פערשטעהן .

**פרעזעס :** ווילט איהר צו זאַכע רעדען ?!

**חפני :** אַפּנים איהר ווילט איך זאָל רעדען אַליין , מַעֲשֶׂה שֶׁהָיָה כַּךְ הָיָה : ר' יעקב עדעלמאַן זצ"ל איז גלאַט אַזוי פלוצים פון דער העלער הויט , מיט אַמאָל , אין מיטען מיט וואָך געהרגט געוואָרען , פרעגט זיך די קשיה ווער האָט איהם געהרגט , בשלמה זאָל איך זאָגען , אַז ער האָט זיך אַליין געהרגט קען איך דאָך נישט זאָגען , זאָל איך זאָגען אַז אַפרעמדער האָט איהם געהרגט, טאָר איך דאָך ניט זאָגען , וואָס זשע דען „כִּי תֵצֵא לַמִּלְחָמָה" מאַכט רש"י דאָ איז געוועזען אַמלחמה, ס'הייסט דער טאַטע מיט דעם זוהן האָבען מלחמה געהאַלטען , ווייל ער האָט זיך צו ליעב אַשיינע בתולה געוואָלט געהן אַנטקעגען פאָטער, האָט דער פאָטער אַזוי געזאָגט : ווען דו נעמסט זי פאַר אַווייב איז דיין אָדער מיין טוידט, היינט פרעג איך אַיך ווער האָט איהם געהרגט ?

**פרעזעס :** הער פראָקוראָר וואָס פערשטעהט איהר פון דיזען ?

**פראָקוראָר :** איך פערשטעה פון זיינע ווערטער, אַז ער איז איבערצייגט דאָס דער פאָטער מיט זוהן פלעגען זיך אָפט שטרייטען .

**חפני :** (צום פראָקוראָר) היינט פרעג איך אַיך ווער האָט איהם געהרגט .

**פרעזעס :** זעצט אַייך איהר זענט פריי , עס זאָל ערשיינען פנחס סטריצקע ? (עס געשיהט) ווי הייסען זי ?

**פנחס :** אַליין הייס איך פנחס , געבוירן בין איך אין בית הגלה , איצט פאָהר איך אַרום מיט פושקעס , הלוואַי אויף ווייטער .

**פרעזעס :** ווי אַלט ?

**פנחס :** איך אַלט , ער קען מיך שוין 17 יאָהר .

**חפני :** יאָ ער וועט שוין עלטער ניט ווערען .

**פרעזעס :** זינד זיא פערהייראַטהעט ?

**פנחס :** וואָס איז דאָס אַזוינס ?

**פרעזעס :** האָט איהר שוין חתונה געהאַט !

**פנחס:** איך האָב אין זיננען

**פרעזעס:** וואָס ווייסט איהר פון דעם פראָצעס ?

**פנחס:** חפני, שטעל זיך אנידער, הויב זיך אויף !

**חפני:** יעדערער מוז דאָ רעדען בעזונדער, איך האָב מיינס גערעדט, איצט רעד דו

**פנחס:** על כל פנים איהר ווילט וויסען ווער דער אֶמתר רוצח איז גיוועזן ? נאָר גאָט ווייסט אַז מיר האָבען חלילה ניט קיין האַנד אין דעם, גלאַט ווי עס ווייזט אוים אַז אַמענטש איז אין כעס איז ער דאָך עובר אַעבודה זרה איז דאָך שוין אַלסדינג פערענטפערט.

**פרעזעס:** (צום פראָקוראָר) וואָס צייגט דיזער אָן ?

**פראקוראר:** ער בעשטעטיגט די ווערטער פון פאָריגען עדות

**פנחס:** איז דאָך שוין אַלסדינג פערענטפערט

**פרעזעס:** זעצט אייך, עס זאָל ערשיינען דער עדות אַנטאָן זיידעמאַן (עס געשיהט)

**ביידע:** אוי האָבען מיר געדברט הער פריץ !

**זיידעמאן:** שאַ !

**פרעזעס:** ווי הייסען זיא ?

**זיידעמאן:** אַנטאָן זיידעמאַן.

**חפני:** האָבען זיא שוין חתונה גיהאַט ?

**פרעזעס:** וואָס ווייסט איהר פון דיזען פראָצעס ?

**זיידעמאן:** ניט פיל מיינע העררען. נאָר מיט איינינע טעג בעפאַר ס'איז געשעהן דער מאָרד איז דער פאָטער פון דעם אַנגעקלאָגטען, יעקב עדעלמאַן געוועזן ביי מיר אין הויז, ער איז געוועזן דער ערשטער וועלכער האָט מיר פון דער ליבע פון זיין זוהן צו מיין טאָכטער ענטדעקט, און מיט טרערען אין די אויגען האָט ער מיר געבעטען איך זאָל געגען מיין טאָכטער שטרענג אויפטרעטען אַזוי ווי ער געגען זיין זוהן טהוט, ער האָט מיר ערצעהלט, ווי ער קריגט זיך אָפט מיט זיין זוהן און דערמיט איז ער אַוועק-געגאַנגען.

**גבריאל:** שורקע דו ליגסט !

**פנחס, חפני:** ניין ער שטעהט !

**פראקוראר:** נון איז די אַנקלאַגע גלויבע איך שטאַרק

**פרעזעס:** דער אַדוואָקאַט האָט דאָס וואָרט !

**אדוואקאט:** איך ביטע אום ערלויבעניש צו עקזאַמעניר ען די פריהעריגע עדות.

**פרעזעס:** ביטע, איהר קענט דאָס טהון.

**אדוואקאט:** איך וויל צו ערשט פאָררופען חפני בעלאָוויצקי

**אדוואקאט:** איהר הייסט חפני בעלאָוויצקי איהר זענט



געוועזן ביי יעקב עדעלמאַן בשעת מען האָט איהם געפונען דערהרגט וואָס האָט איהר דען דאָרט געטהון ?

**חפני:** אַשיינע קשיה מיר זענען געקומען אויף דער חתונה

**פנחס:** ניין ניט אַזוֹ אויף יאָהר צייט זענען מיר גיקומען

**פרעזעס:** רוהיג

**אדוואקאט:** קורץ איהר זענט געוועזן איינגעלאַדען צו אַ יאָהר צייט ? ווער האָט אייך איינגעלאַדען ?

**חפני:** וואָס הייסט ווער ? ר' יעקב זכר צדיק לברכה

**אדוואקאט:** און נאָך'ן יאָהר צייט וואָס האָט אייך יעקב עדעלמאַן געזאָגט ?

**חפני:** וואָס זאָל ער זאָגען, ער האָט אונז בעפרידיגט, און אונז איינגעלאָדען אויף דער חתונה

**אדוואקאט:** ער אליין האָט אייך אויף דער חתונה געלאָדען?

**חפני:** נו געוויס, אַנטקעגען וואָס פרעגט איהר עס ?

**אדוואקאט:** (צום פרעזעס) ווי באַלד אַז עדעלמאַן האָט אַליין געלאַדען זיינע געסט צור האָכצייט פון זיין זוהן, הייסט עס דאַכט זיך אַז ער איז געוועזן צופריעדען מיט'ן שידוך

**חפני:** איך ? . . . איך ווייס ניט אָפשר ווייסט פיניע

**פנחס:** (פון דער באַנק) איך ווייס נאָר אַז ר' יעקב האָט זיך שטאַרק געקריגט מיט זיין זוהן, ווייטער ווייס איך גאָר ניט

**אדוואקאט:** ווען האָט ער זיך געקריגט ?

**פנחס:** (געהט צו) אַוודאי ווען ? מיר זענען דערביי ניט געוועזן

**אדוואקאט:** פון וואַנען ווייסט איהר דאָס ?

**חפני:** אַשאלה אַביסיל, אַוועלט שלאָפט ניט

**אדוואקאט:** הער פרעזידענט ! איך וויל מיינען אַז די צוויי יודען זענען זייער בראַווע לייט, זי בעהויפטען דער פאָטער מיט'ן זוהן האָבען זיך אַלע מאָל געקריגט, אַליין געזעהן ווי עס ווייזט אוים האָבען זיי ניט, נאָר מען האָט זיי עס דערצעהלט אֶמת ?

**חפני:** וואָס דען האָט איהר געמיינט ? אַזעלכע יודען ווי מיר זענען וועלען רעדען גלאַט אין דער וועלט אַריין ?

**ביידע:** דאָס האָט אונז ערצעהלט ניט קיין לייַדאַק אַגרויסער פריץ, הער זיידעמאַן אַליין !

**פנחס:** וואָס הייסט ערצעהלט ? ער האָט ניט אַנדערש געוואָלט נאָר דער אֶמת זאָל אַרוים קומען האָט ער אונז ערצעהלט און אונז געבעטען אַז מיר זאָלען אַזוי זאָגען.

**אדוואקאט:** הער אַנטאָן זיידעמאַן, איהר בעהויפטעט דאָס מיט איניגע טאָגע בעפאָהר דער מאָרד איז געשעהן האָט אייך דער אַלטער עדעלמאַן בעזוכט אונד אויף זיין זוהן בעקלאָגט, יאָ ?

**זיידעמאַן :** נו יאָ, וואָס איהר ווילט מיר עס אָבלייקנען

**אדוואָקאַט :** איך מעכטע בעטען די געעהרטע ריכטער עס זאָל ערשיינען זיידעמאַנס אַ דינער יאַשקע יאַשקעוויטש (איינער ריפט יאַשקע יאַשקעוויטש (אויפטריט יאַשקע מיט אַמעסער אין שטיוויל)

**אדוואָקאַט :** ווי הייסען זיא ?

**יאַשקע :** יאַשקע יאַשקעוויטש

**אדוואָקאַט :** ווי אַלט ?

**יאַשקע :** איך בין ערשט אַלט 17 יאָהר ווען איך זאָל ניט געוועזען איין יאָהר קראַנק זיין וואָלט איך שוין אַלט זיין 18 יאָהר

**אדוואָקאַט :** איז דאָס אמת דאָס עדעלמאַן האָט זיך אויף זיין זוהן בעקלאָגט

**יאַשקע :** מיינע הערין איך וועל אייך דערצעהלען דעם גאַנצען אמת, ווען עס זאָל מיר אפילו מיין קאָפּף קאָסטען, איך וויל ניט אַז דער אומשילדיגער זאָל ליידען, אין די וואָרהייט מעג מען אפילו אויף איין אייגענעם פאָטער זאָגען, עס איז טאַקע וואָהר, דער אַלטער איז טאַקע ביי אים אין הויז געוועזען, אָבער וואָס דער הערר זיידעמאַן האָט געזאָגט איז ליגענד

**אדוואָקאַט :** גענוג, פון דעם עדות ערפאהרען מיר דאָס אַלעס וואָס זיידעמאַן האָט פריהער דערצעהלט, איז פאַלש, יעצט ווערדע איך ביטען דאָס מען זאָל פאָרופען דעם לויטענאַנט זאַקס

**פרעזעס :** הער זאַקס זינד זיא לויטענאַנט ?

**זאַקס :** יאַ, איך הייס זאַקס.

**פרעזעס :** ווי אַלט זינד זי ?

**זאַקס :** 25 יאָהר

**חפני :** האָט איהר שוין חתונה געהאַט ?

**פרעזעס :** אין וועלכען פאָלק דינען זי ?

**זאַקס :** סימינאַגורסקע לייבוואַכע

**אדוואָקאַט :** ערלויבט מיר דעם הערין אַ פראַגע צו שטעלען זענט איהר געוועזען דעם הערין עדעלמאַן געלד שולדיג ?

**זאַקס :** נון יאָ איך בין שולדיג געוועזען געלד, אָבער יעצט איז אַלץ בעצאָלהט

**אדוואָקאַט :** האָט איהר אייגענהענדיג בעצאָהלט ?

**זאַקס :** איהר בעליידיגט די אַרמעע, איך האָב עס אַליין בעצאָהלט

**אדוואָקאַט :** צייגען זי די וועקסלען (געשיעהט) ווען האָט איהר איהם בעצאָהלט ?

**זאַקס :** וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע, איך האָב איהם בעצאָהלט ווען ערשט ווען איך מיך ניכט



**אדוואָקאַט :** מיט איניגע טעג פריהער בעפאָר דער מאָרד איז געשעהן האָט הערר עדעלמאַן זיך בעקלאָגט דאָס איהר זענט איהם אַנרויסע סוממע געלד שולדיג אונד ווען דער מאָרד איז געשעהן האָט מען ביי דעם ערמאָרדעטען קיין געלד ניט געפונען, אַלזאָ ווען איהר האָט בעצאָהלט פאַר וואָס איז דיא סוממע ניכט געפונען געוואָרען און אויב ניט ווי קומען צו אייך די וועקסלען, עס שיינט דאָס אייך האָט מען געקענט חושד זיין אין דעם מאָרד מעהר ווי אַ אַנדערן

**זאַקס :** וואָס ? איך איין מערדער, דיזע וועקסלען האָב איך איבערהויפט ניט בעצאָהלט. איך מוז דיא וואַרהייט געשטעהן, הער זיידעמאַן האָט מיר דיזע וועקסלען אַלס געשענק געגעבען, אונד ערקלערט דאָס עס איז בעצאָהלט.

**חפני :** אוי האָט ער זיך פערבאָלבערט

**אדוואָקאַט :** האָט איהר געזעהן זיידעמאַנס טאָכטער בעפאָר זי האָט זיך דאָס לעבען גענומען.

**זאַקס :** ווער זאָגט דען אַז זי איז טויט ? זי לעבט יאָ !

**אלע :** זי לעבט ?

**גבריאל :** אָה איך דאַנק דיר גאָט !

**אדוואָקאַט :** הער זיידעמאַן, איהר האָט די וועקסלען אויס געקויפט ?

**זיידעמאַן :** יאָ איך געשטעהע

**אדוואָקאַט :** האָט איהר פאַר זיי בעצאָהלט ?

**זיידעמאַן :** ניי-ניי-ניי-ניי-ניין !

**אדוואָקאַט :** דער אַלטער האָט אייך זיין געלד געבאָרגט ער איז געוועזען געגען אייך זעהר פריינדליך ? !

**זיידעמאַן :** יאָ, יאָ, יאָ !

**אדוואָקאַט :** פאַר וואָס האָט איהר זיך פאַר דעם אָפיציער אזוי פיעל בעמיהט ?

**זיידעמאַן :** ווייל ער איז דער בעשטימטער חתן פון מיין טאָכטער

**אדוואָקאַט :** איהר זענט אַלזאָ געוועזען געגען דעם שידוך פון אייער טאָכטער מיט אַ יודען ?

**זיידעמאַן :** נאַטירליך יאָ.

**אדוואָקאַט :** איהרע טאָכטער האָט אַלזאָ דעם יודען דאָך געליבט, אונד עס איז שוין די האָכציים געוועזען בעשטימט.

**זיידעמאַן :** יאָ עס וואַר שוין בעשטימט.

**אדוואקאט:** אין וועלכע צייט האט איהר די וועקסלען אוים געקויפט?

**זיידעמאן:** איך געדענק ניט.

**פנחס:** ער האט אקליין קעפיל.

**אדוואקאט:** אויב איהר געדענקט ניט, וועל איך אייך דערמאנען עס איז געוועזן אין אבענד, ניט אמת?

**זיידעמאן:** יא.

**אדוואקאט:** און איהר האט געוואוסט דאס אייער טאכטער געהט הייראטהען?

**זיידעמאן:** יא.

**אדוואקאט:** און דאך האט איהר די וועקסלען אוים=גיקויפט רעכענדיג דאס דער לויטענאנט וועט ווערען אייער איידעם אויך נאך דעם אז די חתונה איז שוין געוועזן בעשטימט, וואס?

**זיידעמאן:** איך האב אלע מאל געדענקט דאס מיין טאכטער וועט נאך חרטה האבען.

**אדוואקאט:** האט איהר גאר קיינע בריעף פון אייער טאכטער ערהאלטען?

**זיידעמאן:** ניין!

**אדוואקאט:** און דאך ווייס איך דאס איהרע טאכטער האט אייך יא גישריבען דאס זי איז איבערצייגט אין די אונשולד פון איהר געליבטען.

**זיידעמאן:** אונד ווען יא וואס האט דאס דער צו?

**אדוואקאט:** דאס בעווייזט דאס איהרע טאכטער יעמאנדען אין דעם מארד פערדעכטיגט און ווען זי זאגט ניט אוים ווער דאס דאס, איז דאס נאטירליך קיין אנדערער אלס איהר אייגענער פאטער.

**זיידעמאן:** וועלכע פערדאכט!

**אדוואקאט:** קיין פערדאכט. נאר אלעס איז בעוויזען. זעצט אייך! (רופט) יאשקע יאשקעוויטש (געהט צו) דו האסט נאך געשפאצירט דעם הער זיידעמאן; וואס האסטו אין יענעם אונגליקליכען טאג בעמערקט?

**יאשקע:** איך האב געזעהן ווי הערר זיידעמאן איז אריין אין אגעוועלב פון מעסערס און איז באלד ארוים געקומען, איך בין נאך געגאנגען אין האב אין דעם זעלבען געוועלב געבעטען דיזעלבע סחורה, וואס דער רייכער הערר האט געקויפט און מען האט מיר דער לאנגט אזא שארף מעסער (ער נעמט ארוים פון שטיוועל אמעסער)

**אדוואקאט:** ביטע מיינע הערען!

**זיידעמאן:** מיין גאט!



**יאשקע:** פאר קריינקען זאל איך די האר וואס גאט קען דיר העלפען.

**חפני:** אבער איך האב באלד געזאגט אז גבריאל איז אונשולדיג, ווי קומט איוד זאל זיין אגזלן א רוצח וואס זאגסטו פנחס?

**פנחס:** טאקע אזוי!

**אדוואקאט:** ביז יעצט האב איך מיך בעמיהט דעם אנגעקלאגטען צו פערטהיידיגען יעצט אבער, וויל איך בעשולדיגען דעם הערר זיידעמאן, וועלכען איך פינדע פאר דעם אמת'ן מערדער.

**זיידעמאן:** איך בין איין מערדער? געעהרטע ריכטער, איך זאג אייך דאס די פערדאמטע יודען האבען זיך געגען מיר פערשווארען ווייל איך געטויפט בין זיי ווילען מיר נאך סיביר שיקען.

**אדוואקאט:** ניין, ניין! ניט די יודען, דיך פערפאלגט אגאנץ אנדערע פערזאן, דיך פערפאלגט אקריסטן, און צוואר דיין אייגענע טאכטער.

**זיידעמאן:** ליגענד, מיין טאכטער איז פעסט איבערצייגט און דעם יודענס שולד ווען עס ניכט זא ווארע, וואלט זי זיכער געקומען אום צו פערטיידיגען.

**אדוואקאט:** זי וועט קומען, זי איז מיט מיר צו זאמען געקומען.

**זיידעמאן:** יא, אבער וואו איז זי דען?

**אדוואקאט:** (ווארפט ארונטער פון זיך די בארד אונד אויגען גלעזער), היער איז דיינע טאכטער, איך בין עס!

**גבריאל:** רחל'ה, הערצענס-געליבטע דו לעבסט (אומארעמען זיך). פארהאנג פאלט

# פירטער אקט.

(אפויערשטיבעל מיט אשטרייענעם דאך, פון הינטער דיא קוליסען הערט מען זינגען. אויפטריט רחל מיט אקינד)

**רחל:** עס איז שוין שפעט מיין קינד און דער פאטער איז נאך אלץ נישטא, דיא שניטער וועלען זיך באלד פערזאמלען צו דעם יום טוב און דער בעל הבית איז נאך ניט צו הויזע, וואו האט ער געקענט זא לאנג בלייבען?

**יענקעלע:** וואס וועט מיר דער טאטע ברענגען, ווען ער איז אין ירושלים ברענגט ער מיר אזעליכע גוטע זאכען. וועט ער מיר היינט אויך עפים ברענגען?

**רחל:** געוויס מיין קינד, דער פאפא וועט ברענגען שיינע זאכען פאר דיר און פאר דיין שוועסטער, געוויס ווי דען!

**יענקעלע:** מאמע איך קען אזוי פיל לשון קודש, איך לערן

עס אין דער שוהלע: אב א פאטער, אם א מוטער, דוד א אנקעל, אב־זקן, א זיידע, אוי מאמע ווען איך האב געזאגט אין שוהל א זיידע האבען זיך אלע יונגליך אזוי צו לאכט, איך וויים ניט וואס זייווילען פאר וואס לאכען זיי אזוי, דו ווייסט ניט מאמע? איך וואלט אזוי געוואלט האבען אזיידען, ווי זעהט אוים אזיידע? דו קענסט איהם ניט?

**רחל:** מיין ארים קינד, דו האסט ניט קיין זיידען, ער איז שוין לאנג געשטארבען (וויינט)

**יענקעלע:** און איך האב ניט קיין איינציגען זיידען גאר נישט ווי קען עס זיין? גיה דו נארסט מיך. איך וועל מיר שוין אפזוכען אזיידען. איך וויים אז אזיידע מוז זיין א אלטיטשקער מיט אווייסע בארד איין גרויסען שטעקען און ער מוז זיך קישען און אזא זיידען האב איך

**רחל:** גענוג מיין קינד, דו קוועלסט מיך צו שטארק, דיר איז ניט בעשערט מיין קינד צו האבען א זיידען, איינער האט דעם אנדערען אומגעבראכט און ביידע זענען אלם אפפער געפאלען, איין זיידע איז געשטארבען אין איין זיידע איז פערדארבען

**יענקעלע:** גיה דו נארסט מיך איך האב אליין געזעהן אויף דעם פעלד איז געקומען א אלטיטשקער מיט אווייסע בארד, מיט אשטעקין, ער האט געקוקט אויף אונזער שטוב און האט אזוי געוויינט אז איך האב איהם געפרעגט פאר וואס ער וויינט האט ער מיר אקוש געגעבין, אז איך האב איהם געזאגט איך לויף רופען די מאמען, האט ער גענומען דעם שטאק אין איז אוועק איך מוז איהם אויפזוכען און איהם רופען וויטער זיידע

**רחל:** דען ער איז עם דאך, א' נישט דיין זיידע איז ער איי אנדערן קינדם א זיידע, יעדער אלטיטשקער איז אזיידע

**יענקעלע:** מאמע אט קומט דער פאפא!

**רחל.** גאט צו דאנקען אבי ער איז שוין דא (אויפטריט גבריאל)

**גבריאל:** (קושט דאס קינד) מיין זיסע רחל איך האב מיך פערזאמט אביסל אבער עס איז ניט מיינע שולד, וועמען מיינסטו אשטייגער האב איך געטראפען אין ירושלים דערמאן זיך אז מיר האבען נעהאט אמאהל אזוי פיל בעקאנטע אין עסטרייך

**רחל:** וויים איך, מיין פערגאנגענהייט איז נישט אזו זים אז איך זאל וועגען איהר געדענקען, די אמאליגע בעקאנטשאפט מיינע איז דאך נאר געוועזן אונטער קריסען

**גבריאל:** נו וועל איך דיר זאגען וועמען איך האב געטראפען, דו געדענקסט מסתמא די צוויי עדות אין מיין פראצעס חפני און פנחס



זיי ווילען דיך זעהן און אונזערע קינדערלעך, (יענקעלע וויינט) וואס וויינסטו? זאג מיין קינד?

**יענקעלע:** וואו זענען מיינע שיינע זאכען?

**גבריאל:** יא דו האסט רעכט מיין קינד, איך האב גאר פערגעסען דו האסט שיינע זאכען, איך האב דיר געבראכט אציקערדיגען אברהם אבינו (גיט עס)

**יענקעלע:** אשיינער זיידע.

**גבריאל:** און דאס איז פאר דיין שוועסטערל די פרומע מוטער שרה יעצט גיה אין שטוב איך דארף דיין מוטער עפים זאגען

**יעקב:** אוי ברענג פאטער צום צווייטען מאהל פרעה'ס מכות, אז ניט וועט מיין זיידע ניט האבען וואס צו עסען (אב)

**גבריאל:** איך האב דיר וואס וויכטיגעס צו זאגען, נאר שרעק דיך ניט: חפני האט מיר ערצעהלט אז דיין פאטער איז אוים געשטאנען אלע צרות אין סיביר און איז אנטלאפען פון דארט ווי ער איז ווייסט מען ניט.

**רחל:** אוי מיין הערץ! מאנכעס מאל פיהל איך מיטלייד, איך בין אקינד, און בעדויערע מיינען פאטער, באלד אבער שטעלט זיך מיר פאר זיינע בייזע שרעקליכע טהאטען אזו ווערט מיין קינדער־געפיהל באלד אב־געשטארבען אה, אונגליקליכער!

**גבריאל:** גענוג מיינע זיסע, איך האב עס פאר מיין פפליכט געהאלטען דיר דאס צו דערציילען, אבער גענוג דערפון, מיר האבען היינט א יום טוב אלע ארבייטער ווערדען זיך באלד פערזאמלען צום מאהלצייט, (רחל אב. אויפטריט יאשקע)

**גבריאל:** יאשקע נון ווי געהט עס גוטער, בראווער יונג?

**יאשקע:** מיר געהט דא גאנץ גוט, איך וועל נאר פרעגען ווי געהט עס ביי אייך איהר זענט דאך געוועזן אין ירושלים האט איהר עפים געפרעגט ביי די רבנים?

**גבריאל:** שווער מיין פריינד די יודישע רבנים האבען ניט ליב מגייר צו זיין קריסטען, אזוי ווי די גוישע מיסיאנערען־יודען

**יאשקע:** אויב אזוי איז דאך שלעכט, איך זאל זיין איין גוי צווישען אזוי פיל יודען פאלגט מיך מיין הערר, אז מיר האלטען שוין ביי שניט־צייט זאל מען שוין וויטער שניידען, איך וויל באמת ווערען איוד.

**גבריאל:** גיה דו נאר וואס דו ביסט, מיר יודען ליבען בעסער איין ערענטליכען קריסט, בעסער ווי אשלעכטען יודען (עס רעגענט אויפטריט רחל)

**רחל:** עס קומט אשטורם קום מיין ליבער מאן אין הויז אריין

**גבריאל:** רעכט מיר מוזען איבער ווארטען דעם רעגען,

יאַשקע זיי זאָ פריינדליך אונד מעלדע אונזערע אַרבייטער אַז זיי זאָלען זיך צונויף זאַמלען צו מיר אין גאָרטען, דאָ וועלען מיר זיך טרינקען עסען און זיך פרייען, קום רחל וואָרום עס געהט אַרעגען (אָב אויפטריט חפני פנחס).

**פנחס:** דאָס איז אַרעגען, ני ני טאַטע זיסער סיידען דער אַשמדאי האָט איינגענומען

**חפני:** וואו איז דאָ גבריאלס הויז ?

**פנחס:** מיר שיינט דאָ מוז עס זיין, ער האָט דאַן אונז געזאָגט אַז ער וואָהנט אַוויאָרסט פון דער קאָלאָניע אָט דאָ איז עס טאַקע קום אַריין אַבּרירה האָב איך.

**חפני:** טאַקע אַזו (ביידע אָב אויפטריט זיידעמאַן אַלס בעטלער)

**זיידעמאַן:** ווי שטיל דאָ איז, עס איז יום טוב, די קאָלאָניע איז אויסגעפּוצט פריילך נאָר איך בין עלענד אונד צו בראָכען אָ יאָהרען וואָס איהר האָט פון מיר געמאַכט. אָ גאָט ווי האָסטו מיך פערענדערט, אַמאָל איז ביי מיר אויך געווען שמחות, יעצט איז אַלעס געשטאָרבען. אָ רחל, רחל! דו גוטעם ווייב ווען איך וואָלט דיר געווען פאָלגען ווי גליקליך איך וואָלט היינט געוועזען, מיין קינד וואָלט מיך ניט פערהאַסט, איך וואָלט קיין פערברעכען בעגאַנגען און וואָלט ניט געמוזט געהן נאָך סיביר, יעצט בין איך איין עלענדער איין אונגליקליכער אַנטלאָפענער אַרעסטאַנט, די יודען וועלכע איך האָב איין מאָהל פערהאַסט זיי זענען יעצט די איינציגע וואָס שענקען מיר אשטיקיל ברויט, איך בין אַנטלאָפען פון סוביר און בין געקומען נאָך פאַלעסטינא, איך האָב מיך נאָך געפרעגט נאָך גבריאל ערעלמאַן דאָ וואָהנט ער, דאָ איז מיין רחלס הויז, דאָך קוים וויל איך איהר שוועל איבערטרעטען ציטערן די קניע אונטער מיר, ניין איך טאָהר ניט אַריין געהן, איך בין אַמערדער, איך דאַרף מיין קינד ניט פער־אונרייניגען, נאָר פון ווייטען שיק איך דיר מיין זעגען, איך מוז אַוועק, דאָס וועטער ווערט שיין מען קען מיך נאָך דער זעהן, אַדיע מיין קינד, אַדיע, אַדיע מיין טהייער קינד. (אָב, אויפטריט חפני פנחס שיכור)

**חפני:** אוי האָב איך אַשיינעם טרונק געטוהן

**פנחס:** דו האָסט געזעהן ווי איך האָב אַריין־געגאָסען

**חפני:** איך האָב געטוהן אַטרונק אַז עס איז געוועהן אַ נס מן השמים, פנחס דער ווין געהט מיר אין קאָפּ אַריין.

**פנחס:** און מיר געהט ער אין די פיס אַריין

**חפני:** דו זעהסט פנחס די ערד האָט זיך שוין אויס געלייטערט און דער הימל איז נאָך אַביסל בלאָטיג



**פנחס:** דו מיינסט פערקעהרט דער הימעל האָט זיך אויס געלייטערט און די ערד איז בלאָטיג

**חפני:** פיניע ווי געפעלט דיר פאַלעסטינא ?

**פנחס:** חפני ווי גיפעלט דיר דער ויין ?

**חפני:** און ווי געפעלט דיר די בעלהבית'טיטשקע וואָס האָט דערלאַנגט דעם ווין ? (אויפטריט יאַשקע)

**יאשקע:** אָ יאַקשעמאַש, פושקע ? מיר וועלען דאָ באַלד האָבען אַ יאָמפּיק.

**ביידע:** וואָס ?

**יאשקע:** אַ יאָמפּאַק, אַלע אַרבייטער וועלען קומען וועלען עסען, טרינקען און שוין (אָב)

**פנחס:** וואָס וועט זיין ? אַיאָמפּאַק וואָס איז דאָס אַזוינס ?

**חפני:** אָ איך ווייס שוין, ער מיינט אַ יום טוב!

**פנחס:** אויב אַ יום טוב וועלען דאָך זיין אַסאַך מענשען, געהם־זשע די פושקעס וועלען מיר אַביסל שנאָרען.

**חפני:** האָסט רעכט, קום (ביידע אָב) גבריאל רחל יענקעלע יאַשקע זעצען זיך אַרבייטער שטעלען זיך 4 מענער מיט די מעסער אין די הענד

**באר:** מיר קומען פון די פעלדער, דיך בעגריסען זענען מיר גיקומען
צו דעם יום טוב זענען מיר געקומען; אַלע אין איינעם זיך
אַמוזירען
אָך ווי שיין אָך ווי גרין, זענען אונזערע פעלדער יעצט (בים)

**סאלא:** בויערען זענען מיר אַלע!

**דאמען:** (טויבען אין די הענד) אַרבייט מאַכט אונז פרעהליך.

**סאלא:** בויערן זענען מיר אַלע!

**דאמען:** אַרבייט איז אונזער לעבען

טייבליך און צווייגען בעגריסט די פּאָר
איהר זאַנפטיגע געדולדיגע וואָס אונז איז קלאָר
ווי דאָס שטום טייבעלע זינגט צו גאַנץ שעהן
אַיי גאָ גאָ גאָ, זאָלסט פרום ווייבעלע זינגען דיין ליבען מאַן.
לעבט אַלע גליקליך אַלע יאָהר גאָר אָן שפּאָר
פאָן שלעכטס ניט וויסען נאָר מונטער אונד פריילך
אַיי גאָ גאָ גאָ זינגען דאָס לידאַלע
אַצינד זינגען דאָס לידעלע נאָך אַמאָל (בים)

(אויפטריט חפני פנחס מיט פושקעס) און זינגען: מיר מיר שנארין ביי גאנץ קהל א. ז. וו. צום שלוסנאמער אפרוי אויף אוגאנגען פערציהרט מיט שיינע בלומען, זי האלט אין האנד איין פאהן אויף וועלכען עס שטעהט געשריבען „דגל מחנה יהודא"

**איינער:** עס לעבט אונזער ווירטה!

**אללע:** הידד! הידד!

**גבריאל:** מיינע פריינד, זייט מיר געגריסט צו דען פעסט. דאס יאהר איז געזועגענד, די פעלדער זינד געראטען, די גערטנער פול מיט טרויבען אונד מיר דאנקען גאט דער פאר.

**איינער:** עס לעבט אונזער ווירטה

**אללע:** הידד! הידד!

**יאשקע:** (צייגט אויף דער פאן) וואס איז דאס?

**גבריאל:** דאס איז אונזער קאלאניע פאהן (געזאנג)

גאט וועט נאך הערען יעקב׳ס יללות
אונד וועט אונז שנעל בעפרייען
ער וועט אונז בעפרייען פון פינסטערן גלות
**כאר:** און ברענגען נאך ציון צוריק קיין ירושלים.
און האבען וועלען מיר פיעל פריידע
און זיצען גאנץ פריי ביי דער סעודה
אונד האלטען וועט אברהם אונזער זיידע
דען דגל מחנה יהודא

**רחל:** דוד און שלמה איהר שלאפט אין די קברים
און משה ויהושע איהר לעבט שוין ניט מעהר
און די סופרים פון די הייליגע ספרים
די העלדען די ריזען געשטארבען עס לעבט ניט קיינער מעהר

**כאר:** און האבען וועלען מיר פיעל פריידע א. ז. וו.

**פאהרהאנג פאלט**

# ענדע

# ביכער פֿון אונזער פֿערלאג

פרייז קאפ.

מירעלע אפרת פֿון י. גארדין 30
די שחיטה ד״ז 30
דער ווילדער מענש ד״ז 25
דער יודישער קעניג ליר . 25
נעבריידער לוריא ד״ז 25
דער ווילנער בעל הבית׳ל מ. ארנשטיין 50
שבת קדש 30
חרבן ירושלים 25
חפני ופנחס 25
חינקע פינקע מעלאדראמע 25
שלמה גארגיל 25
טאטע מאמעס צרות 20
כל נדרי 20
די יודישע נשמה 30
איי‌ביגער יוד הייערמאן 7

בעלעטריסטישע און וויסענשאפֿט=ליכע ווערק.

די אינטעריגעס פֿון זאקסישען הויף
ראמאן 30
גיואני דע מעדיסאן ערצעהלונג 1 טהייל 12
" " " " 2 " 12
„די ערד" אפאפולערע געאגראפיע מיט
27 בילדער פֿון לונקעוויטש א בער-
זעצט פ. קאנטאראוויטש 20
קיין שום זאך ווערט ניט פֿערלארען
אין דער נאטור אנפאנג פֿיזיק פֿון
ד״ר קראמשטיק 10
מאגנעטיזים און עלעקטריציטעט 1 2 22
ווי אזוי ווערט מען ווידער יונג-ביאלאגי 10
קארטא פֿון יעדער טעאטער שטיק קאסט 4
פֿער נ״ג ווערט ארויסגעשיקט נור נאכ׳ן
עמפאנג 25%. אויך בעקומט מען ביי
אונז אלע טעאטער שטיק.
נאטען און צענזורקעס פֿון נייעסטע פיעסען.
בעהאנדלונג רעעל און פונקטליך.

פרייז קאפ.

די יודישע „ליבערעטטא" ; א זאמעל-
בוך פֿון לידער דעקלאמאציעס
מאנאלאגען פֿיר גראמאפאנען מיט
פֿאטאגראפֿיעס און נאטען :
1-טער טהייל 60
2-טער טהייל 80
פֿינף סעריעס טעאטער און פֿאלקס לידער
יעדע סעריע 8
אנזיכטסקארטען מיט נאטען און פֿא-
טאגראפֿיעס יעדע דאפעלע פ״ק 8

---

אורח מישור א קאפיטעל ווערטער-
בוך לשון קדש יודיש
אויף גאנץ תנ״ך איבער 15000
ווערטער. פרייז 60
צוזאמען מיט הוספית דניאל, עזרא.
נחמיה. חמש מגלות 71

בריעפשטעלער העברעאיש פֿון
דוד פרישמאן רוסיש יודיש
פֿון א. פאפערנע מיט א קורצע
איינפאכע בוכהאלטעריע 40

הכימיא בחיי יום יום מאת הפרו-
פיסיר לאססאר כהן, תרגם
ברשיון המחבר ע״י פ. קאנטאראביץ
ב׳ חלקים 1 רובל

הארץ גיוגראפיא פופולירית עם
ציורים רבים מאת לונקעוויטש
מתרגם ע״י פ. קאנטאראביץ 20

משכיל אל דל ספור מנוקד יסודתו
באגדות התלמוד מאת ת. מושקאט
10 קאפ.

פֿערלאגס בוכהאנדלונג און לייה ביבליאטעק
פ. קאנטאראוויטש, ווארשא, שליסקא 35.
Издательство П. КОНТОРОВИЧЪ, Варшава, Слизкая 35.

Drukarnia „Hacefira", Pańska 40.